# שאטא רוסטאוועלי

# דער גיבער
אין
# דער טיגער-פעל

# שאָטא רוסטאוועלי

# דער גיבער
## אין
# דער טיגער-פעל

ייִדיש — מ. כאשטשעוואצקי
און ד. האָפשטײַן






אוקרמעלוכנאצמינדפאַרלאַג · 1937

Printed in Soviet Unio



# פאָרוואָרט

וועגנ דער ביאָגראַפיע פונ שאָטאַ רוסטאַוועלי, דעם אווטער פונ דער דאָזיקער פאָעמע, זײַנעמ פאַראַנענ פאַרשיידענע האַשאָרעס.

דער איינציקער זיכערער קוואַל פונ אַלדעמ, וואָס מיר וויסנ וועגנ אימ, דאָס איז זײַנ פאָעמע „דער גיבער אינ דער טיגער־פעל". מיט אַ פולער זיכערקײַט קאָנ מענ פעסט־שטעלנ די עפּאָכע, ווענ ס'האָט געלעבט דער דיכטער, די עפּאָכע פונ זײַנ טעטיקײַט, אָבער די פּינקטלעכע דאַטע, ווענ די פאָעמע איז אָנגעשריבנ געוואָרנ, איז שווער צו באַשטימענ. נאָר מיט דער הילפ פונ קעגנשטעלנ פאַרשיידענע היסטאָרישע פאַקטנ מיט דעמ אינהאַלט פונ דער פאָעמע, ד. ה. מיט די היסטאָרישע אָנווײַזונגענ, וואָס געפינענ זיכ אינ דער

---

1 פונ דער פאָרערע צו דער באַלמאָנט־איבערזעצונג אינ רוסיש (מעלוכע־פאַרלאַג פונ קינסטלערישער ליטעראַטור, מאָסקווע, 1937).

פּאָעמע, קאָן מען קאָנקרעטיזירן אָט דאָס שטיקל צײַט, אין װעלכן די פּאָעמע האָט געקאָנט זײַן אָנגעשריבן. דאָס איז — דער סאָף פון XII און אָנהייב פון XIII יאָרהונדערט פון אונדזער ערע.

אין דער פּאָעמע גופא קאָן מען געפינען געװיסע היסטאָרישע פאַקטן, קעדיי פעסטשטעלן די צײַט, װען זי איז געשאַפן געװאָרן. דאָס איז זיכער געװען די צײַט, װען סיהאָט געקעניגט די קעניגין טאַמאַרא (1184 — 1213), דער גלענצנדיקער אָנהייב פון רענעסאַנס פון דער גרוזינישער קולטור, „דער גאָלדענער יאָרהונדערט" אין דער געשיכטע פון גרוזיע. אין אַ גאַנצער רײ אַרײַנפיר־סטראָפעס און אין די שלוס־פערזן לויבט דער דיכטער די קעניגין און איר מאַן דאַװיד סאָסלאַני.

כוץ די געבראַכטע היסטאָרישע פאַקטן דינט אויך די שפּראַך פון רוסטאַװעליס פּאָעמע אַלס מאַטעריאַל אַפ לייזן די פראַגע װעגן דער צײַט, װען ס׳איז געשאַפן געװאָרן די פּאָעמע. די שפּראַך שליסט אויס די מעגלעכקײַט איבערטראָגן די דאַטע אין דעם XVI און XVII יאָרהונדערט. פון דער צװייטער זײַט קאָן מען דאָס דאָזיקע װערק ניט אָפּטראָגן שפּעטער פון דעם ערשטן פערטל פון XIII יאָרהונדערט, װײַל די איבערפאַלן פון די מאָנגאָלן און דעריקער די איבערפאַלן פון טימורן, װעלכער האָט פינף מאָל אויסגעשניטן די באַפעלקערונג פון גרוזיע, האָט אינגאַנצן פאַרניכטעט אַלע באַדינגונגען פאַר דער אַנטװיקלונג פון דער גרוזינישער קולטור און ליטעראַטור. נאָך דעם קלאַסישן פּעריאָד, װאָס האָט באַקומען זײַן טראַגישן סאָף באַם מאָנגאָלישן איבערפאַל, לעבט אויף די גרוזינישע ליטעראַטור ערשט אין XVI און XVII יאָרהונדערט.

װאָס געהער דער ביאָגראַפיע פון רוסטאַװעלי, קאָן מען זאָגן, אַז רוסטאַװעלי האָט ניט קיין ביאָגראַפיע. זײַן ביאָגראַפיע — דאָס איז זײַן פּאָעמע, אויב ניט רעכענען אייניקע פאָלקס־לעגענדעס, װאָס האָבן אַ ביאָגראַפישן כאַראַקטער און װאָס זייער זיכערקײַט איז דערװײַל נאָך דורך קיינעם ניט פעסטגעשטעלט. אין צװיי אַרײַנפיר־סטראָפעס און אין צװיי סטראָפעס פון עפּילאָג איז געזאָגט, אַז די דאָזיקע לידער שרײַבט ער, רוסטאַװעלי:

„איך, דער זינגער רוסטאַװעלי, מיט דער שפּיז פון פּײַן אין האַרצן"
(„אַרײַנפיר")
„איך, רוסטאַװעלי, דול פון ליבשאַפט, װיל איצט אָנהייבן דערציילן"
(„אַרײַנפיר")

„פונ רוסטאוו א מעסכ א פּראָסטער דאָס געזאנג איכ ברענג צו שײַנ..."
„אמיראנער זינגט כאָנעלי, און דער פּרעכטיקער שאחטעלי
האָט געלויבט אבדול־מעסיִען, אים באזונגענ וווּנדער־שײנ.
און דערהויבנ דילארגעטנ אומדערמידלעכ האָט טמאָגוועלי,
רוסטאוועלי — טאריִעלנ, איכ באזינג אים און באווײנ".

(„שלוס־סטראָפעס")

די געבראכטע שורעס פונעם טעקסט פונ דער פּאָעמע באשטימענ צוויי וויכטיקע מאָמענטנ: ערשטנס, אז רוסטאוועלי איז דער אווטער פונ דער פּאָעמע, און, צווייטנס, דאָס היימלאנד פונ דאָס אָרט, ווו דער דיכטער איז געבוירנ געוואָרנ. מיר וועלנ זיכ ניט אָפּשטעלנ אפ דעם, צי איז רוסטאוועלי דער אווטער פונ דער פּאָעמע, צי ניינ, ווײַל דער דאָזיקער היסטאָריש־ביִאָגראפישער פאקט שטעלט מיט זיכ ניט פאָר קיינ פּראָבלעם, — דאָס איז א פאקט א פעסטער, און די פּינקטלעכקײַט זײַנע רופט קיינ צווייפל ניט ארויס. די פראגע וועגנ היימלאנד פונ דיכטער — אינ דעם שמאָל־געאָגראפישנ, קאָנקרעטנ זינ, האָט אינ דער אויספאָרשערישער ליטעראטור ארויסגערופנ א גרויסנ צווייפל און פיל דעבאטנ. אָבער מיר האָבנ ניט קיינ מער אווטאָריטעטע אָנווײַזונג, ווי דאָס, וואָס דער אווטער פונ דער פּאָעמע מעלדעט, אז ער איז דער זינגער פונ דאָרפ רוסטאווי, פונ מעסכעטי. מעסכעטי איז געווענ איינע פונ די קולטורעלסטע פּראָווינציעס אינ דער אלטער גרוזיע. און לויט דער פאָלקס־לעגענדע האָט רוסטאוועלי געשטאמט פונ דעמ מעסכעטישנ דאָרפ רוסטאווי. דאָכ איז נאָכ ביז איצט פאראנענ פרווונ צו דערווײַזנ, אז רוסטאוועלי שטאמט פונ אנ אנדער גרוזינישער פּראָווינציע, פונ דער ערעטישער רוסטאווי, וואָס געפינט זיכ צו מיזרעכ־זײַט פונ טביליסי. אויב מיר וועלנ צו אלצ, וואָס מיר האָבנ געזאָגט וועגנ רוסטאוועליס ביִאָגראפיע, צוגעבנ די פאָלקס־לעגענדעס וועגנ דעם, אז דער דיכטער האָט באקומענ בילדונג אינ גריכנלאנד און אז ער איז, קלויעמערשט, שוינ אנ עלטערער מענטש, אוועקגעפאָרנ קיינ יערושאָלאיִם, ווו ער האָט געלעבט ביז טיפער עלטער, און איז געשטאָרבנ אינ איינעם פונ די גרוזינישע מאָנאסטירנ, וועלנ אונדזערע יעדיִעס וועגנ רוסטאוועליס לעבנ און וועגנ זײַנ פערזענלעכקײַט זײַנ אינגאנצנ אויסגעשעפּט.

די לעגענדע וועגנ דעם, אז רוסטאוועלי האָט באקומענ גריכישע בילדונג, האָט א

זיכערנ גרונט אינ צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס דער דיכטער ווײַזט אינ זײַנ פּאָעמע ארויס זײַנ קענטשאפט אינ דער אנטישער פילאָסאָפיע, באזונדערס אינ דער פילאָסאָפיע פונ פלאטאָנענ אונ פונ די נעאָפלאטאָניקער — פּראָקל, נעמעזי, דיאָניסי אראָפאגיט, פלאָטינ. רוסטאוועלי איז אויכ באקאנט מיט דער לערע פונ עמפּעדאָקל וועגנ די פיר עלעמענטנ. ס׳איז אויכ ניט אויסגעשלאָסנ די מיינונג, אז רוסטאוועלי האָט גוט געקענט האָמערנ. מע דארפ זאָגנ, אז די „איליאדע“ אונ די „אָדיסייע“ האָבנ געהאט אפ אימ א געוויסע ווירקונג. צו אזא באשלוס קומט מענ, ווענ מע באטראכט די ענלעכקייט פונ דעמ קאָמפּאָזיציאָנעלנ פּלאנ, די ענלעכקייט פונ דער סיוזשעט־קאנווע אונ די מעטאָדנ פונ פאנאנדערוויקלענ זי, די ענלעכקייט אינ שילדערנ די הויפט־העלדנ אונ דעמ כאראקטער פונ דער שאפונג בא ביידע אויטאָרנ. כאָטש צו דער צײַט, ווענ רוסטאוועלי האָט געלעבט, זײַנענ שוינ געווענ איבערגעזעצט אפ דער גרוזינישער שפּראכ די ווערק פונ די גריכישע נעאָפלאטאָניקער אונ די גרוזינישע פילאָסאָפישע שול האָט צונויפגעשטעלט קאָמענטאריעס צו די דאָזיקע ווערק, אָבער דער פילאָסאָפישער האָריזאָנט פונ רוסטאוועלי איז געווענ ניט צו פארגלײַכנ ברייטער פונ דער לערע פונ וועלכער ניט איז פילאָסאָפישער שול. רוסטאוועלי האָט געקענט אויכ די ניט־איבערגעזעצטע ליטעראטור. רוסטאוועלי האָט אָנ ספק באהערשט די העכסטע קענטענישנ פונ זײַנ עפּאָכע, אונ אויב די גריכישע בילדונג קאָנ מענ אנערקענענ פאר דער העכסטער בילדונג פונ יענער צײַט, באקומט די פאָלקס־לעגענדע א זיכערנ אויסזענ.

אײַנצײַטיק ווײַזט רוסטאוועלי ארויס טיפע קענטענישנ אויכ אינ דער איראנער אונ אינ דער אראבישער ליטעראטור (פירדאָוסי, גורגאני, ניזאמי), ער איז אויכ באקאנט מיטנ סופיזמ. דער דיכטער ציטירט אייניקע פּערסישע ווערק, וועלכע האָבנ, ווײַזט אויס, געהאט א ווירקונג אפ זײַנ שאפונג. „אזעלכע ליידנ האָבנ ניט געליטנ ניט וויסאָ, ניט ראמינ“, זאָגט אינ איינ שטעל רוסטאוועלי, ציטירנדיק דעמ באוווסטנ ראָמאנ פונ פּערסישנ דיכטער פאכר־עד־דינ גורגאני. ווײַטער קאָנ מענ איבערעכענענ: די פּאָעמע „אמיראנ דארעדזשאניאני“, וואָס איז אייגנטלעכ טיילווײַז איבערגעמאכט פונעמ פּערסישנ ווערק פונ קיסאָל גאמזי, „דעמ בוכ פונ קייסאָרימ“ („שאכ־נאמע“) פונ פירדאָוסי, „לעילא אונ מעדזשנונ“ פונ ניזאמי.

אין דער פּאָעמע איז פֿאַראַן איין אייגנשאַפֿט, וואָס ציט צו די אַכטונג. אַ גרוזינישע פּאָעמע, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אויף אַ ווונדערשיינער גרוזינישער שפּראַך, וואָס איז געשאַפֿן פֿון אַ גרוזינישן דיכטער, טראָגט דאָך ניט קיין נאַציאָנאַל־גרוזינישן כאַראַקטער. די העלדן פֿון דער פּאָעמע דאָס זײַנען — אַן אַראַבישער קייסער, אַראַבישע פּרינצן און פּרינצעסעס, מאַורען, כוואַראַזמער, טיורקן, איראָפּייער; אין דער פּאָעמע איז ניטאָ קיין איין גרוזינישער העלד.

מיט וואָס קאָן מען דערקלערן אַזאַ דערשײַנונג, וואָס זעט אויס אַזוי מאָדנע פֿון ערשטן קוק?

אייניקע רעכענען, אַז אונטער די אַראַבישע און אינדיאַנישע און אַנדערע פּערסאָנאַזשן באַהאַלטן זיך די נאַציאָנאַל־גרוזינישע העלדן, און די געשעענישן, וואָס דער אויטער שילדערט און וואָס וויקלען זיך פֿאַנאַנדער אויף דעם מעהאַלעך פֿון אינדאָסטאַן ביז מאַוריטאַניע און גיבראַלטאַר, שפּיגלען, קלומערשט, אויף סימוואָליש די היסטאָרישע געשעענישן פֿון דעם לעבן אין גרוזיע.

די דאָזיקע השערה זעט אויס שווין צו קינסטלעך און ווײַט ניטריכטיק. מעגלעך, אַז דער אויטער אַליין גיט אונדז אַ שליסל צו פֿאַרשטיין אויף די אייגנשאַפֿט פֿון דער פּאָעמע, ווען ער זאָגט:

„די איראַנישע געשיכטע אין גרוזיניש לאַנג פֿאַרשריבן".

ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער אויטער האָט ווירקלעך אויסגענוצט עפּעס אַ פּערסישע דערציילונג, די פֿאַבולע פֿון דער דאָזיקער דערציילונג געלייגט אינעם גרונט פֿון דער פּאָעמע, האָט אַרײַנגעגאָסן אַהין זײַנע קאָלאָסאַלע קענטענישן אין געביט פֿון געשיכטע פֿון די פֿעלקער, וואָס האָבן געלעבט אין זײַן צײַט, און האָט צוגעגעבן איר אַ הויך קינסטלערישע פּאָעטישע פֿאָרם.

רוסטאַוועלי איז געשטאַנען אויף דער הייך פֿון דער קולטור פֿון זײַן צײַט. ער איז געווען באַוואָפֿנט מיט טיפֿע קענטענישן אין ליטעראַטור און אין פֿילאָסאָפֿיע, ער איז געווען דער געבילדעטסטער מענטש פֿון זײַן עפּאָכע. די קולטור פֿון מיזרעך און מײַרעוו, די איראַניש־אַראַבישע און די גריכיש־וויזאַנטישע קולטור האָבן אין אים געפֿונען אַ גלענצנדיקן אויסדריקער. רוסטאַוועליס פּאָעמע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ פּראָדוקט

פונ צוויי קולטורנ, וואָס ווירקנ איינע אפ דער אַנדערער, א מינ אייגנארטיקנ סינטעז פונ די צוויי קולטורנ. אָבער אינ לעבנ פונ גרוזיע איז רוסטאוועלי דערשינענ ניט צופעליק: ער איז א זונ פונ זײַנ לאנד, א זונ פונ זײַנ פאָלק אונ פונ זײַנ אייגענער קולטור. די עפּאָכע פונ XI ביזנ XIII יאָרהונדערט אינ דער געשיכטע פונ גרוזיע שטעלט מיט זיכ פאָר אנ עפּאָכע פונ העכסטנ אופבלי אינ עקאָנאָמישנ, פּאָליטישנ אונ קולטורעלנ לעבנ אירנ. דערצו האָט דעריקער מיטגעהאָלפנ: דאָס, וואָס גרוזיע געפינט זיכ אפ דער גרענעצ פונ צוויי וועלטנ — דעם מוסולמאנישנ מיזרעכ אונ דעם מיטלעלטערישנ קריסטלעכנ מײַרעוו, די באפרײַונג פונ גרוזיע פונ דער פרעמדלענדישער מאכט, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ אָנהייב XII יאָרהונדערט, די אופלעבונג פונ די צווישנפעלקערלעכע אונ האנדלס־באציִונגענ, וואָס איז געווענ א רעזולטאט פונ די קרייצצוגנ, דאָס פארברייטערנ די טעריטאָריעלע גרענעצנ פונ גרוזיע (פונ דעם שווארצנ ביזנ קאספּישנ יאָם, פונ צאָפנ־קאווקאז ביזנ פערסישנ אזערבײַדזשאנ אונ ערזערום) אונ דאָס אײַנשליסנ אינ אירע גרענעצנ איינעמ פונ די וויכטיקע צענטרענ פונ דער איראנישער ליטעראטור — די פּראָווינצ שירוואנ, דאָס היימלאנד פונ גרויסנ איראנישנ ראָמאנטיקער ניזאמי (XII י. ה.). ! !

די אנטשיידנדע ראָל אינ דער פּאָליטישער פאריייניקונג אונ אופלעבונג פונ דער גרוזינישער מעלוכע האָט געשפּילט די פאנאנדערלייגונג פונעם כאליפאט אונ די צעפאלונג פונעם סולטאנאט. דער אופבלי פונ דער גרוזינישער ליטעראטור אונ קולטור אינעם XI—XIII י. ה. איז א פארשפּעטיקטע פאָרזעצונג פונעם „גאָלדענעם יאָרהונדערט" פונ דער אראביש־איראנישער קולטור אונ די ערשטע שפּראָצונג פונ דעם אייראָפּעיִשנ רענעסאנס, וואָס האָט ארומגעכאפּט אלע קולטורעלע לענדער מיט עטלעכע יאָרהונדערט שפּעטער. א גאנצע פלעיאדע באגאבטע מענטשנ — בוי־מײַסטערס, וואָס האָבנ געלאָזט חערטפולע מוסטערנ פונ גרוזינישנ ארכיטעקטאָרישנ סטיל, געלערנטע אונ פילאָסאָפנ, וואָס האָבנ זיכ פארייניקט אינ גאנצע שולנ אונ האָבנ זיכ גרופּירט אינ די וויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ פונ גרוזיע, א פלעיאדע שרײַבער־פּאָעטנ אינ דער שפּיצ מיט רוסטאוועלינ, — דאָס אלצ האָט הויכ דערהויבנ אונ ווײַט געטראָגנ די פאָנ פונ גרוזינישנ רענעסאנס.

רוסטאוועליס פּאָעמע האָט אין זיך אָפּגעשפּיגלט די הויפּט־אידייען פון דער צוקונפטיקער עפּאָכע פון רענעסאנס, די ברייטקייט פון איר וועלטאָנשויונג און פרייַדענקערישקייט, איר הומאניזם. מע דארף אויך אָנווייַזן די פאַלשקייט און די פעלערהאַפטיקייט פון דער פּאָזיציע פון אייניקע פאָרשער, וואָס שטרעבן פאַרשליסן דעם באַדייַט און דעם אינהאלט פון דער פּאָעמע אין די ראמען פון דעם גרוזינישן נאַציאָנאליזם. אזא שמאָל־נאַציאָנאלע אָפּשאַצונג און אזא מין ווילקירלעכע אויסטייַטשונג פון דער פּאָעמע זאָגט איידעס, אז מע האָט זי אַבסאָליוט ניט פאַרשטאנען. רוסטאוועלי צערייַסט די נאַציאָנאלע אָפּגעזונדערטקייט, ער הייבט זיך אויף אויף די הייכן פון די אַלמענטשלעכע פּראָבלעמעס, ער צעקלאַפּט די קייטן פון דער רעליגיעז־קריסטלעכער אידעאָלאָגיע און פון מיטלעלטערישן דענקען. זייַן ווערק איז דורכגעדרונגען מיטן גייַסט פון קאָסמאָפּאָליטיזם, און זייַן געאָגראַפישער האָריזאָנט פאַרכאַפּט א האלבע וועלט — פון כינע און אינדיע ביז דער אטלאנטיק און פון אפריקע ביז דעם מיטלאַזיאַטישן טוראַן. זייַנע פערסאָנאַזשן — דאָס זייַנען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פעלקער און לענדער. זייַן פילאָסאָפיש־רעליגיעזע וועלטאָנשויונג האָט ניט קיין ספּעציפישע שטריכן פון נאַציאָנאלן גייַסט און דענקען און איז געווענדעט קעגן די אידייען פון איסלאם און קריסטנטום, קעגן די פּאָזיטיווע רעליגיעס און קעגן רעליגיעזע צערעמאָניעס. רוסטאוועלי דענקט גאָט ווי עפּעס א ליכטוועזן, און די זון — ווי אן אויסשטראַלונג פון גאָט.

די פילאָסאָפיש־רעליגיעזע קאָנצעפּציע רוסטאוועליס דריקט זיך אויס אין דער פאַרגעטערונג פון דער נאַטור, פון דער זון, וואָס איז א קוואַל פון לעבן און באַוועגונג, פון אייביקער און אומענדלעכער עקזיסטענץ. רוסטאוועלי גייט נאָענט צו צו דעם פּאַנטעיסטישן וועלט־באַנעמען, צו אנערקענען די נאַטור אלס גאָט.

וואָס פאַר א גרונטיקע טעמאַטישע אידייען זייַנען פאַראַן אינעם ווערק?

וואָס באַזינגט רוסטאוועלי? וואָס איז דער גרונט־מאָטיוו פון זייַן פּאָעזיע? ליבע צו דער פרוי. נאָר דאָס איז גאָר ניט קיין געוויינלעכע פיזישע ליבע. די ליבע אין רוסטאוועליס פּאָעמע באַקומט באַזונדערע דערהויבענע אייגנשאַפטן פון אן אַלץ־פאַרשלינגענדיקער לייַדנשאַפט: מע קאָן זי מיטן סייכל ניט באַגרייַפן, מע קאָן זי ניט איבערגעבן אויף דער מענטשלעכער שפּראַך; די ליבע איז אזוי שיין, אז ס'איז שווער זי צו

שילדערנ. זי איז — דאָס העכסטע גליק, א קוואל פונ אנטציקונג אונ באגײַסטערונג. די מענטשנ, וואָס גיבנ זיך איבער אָט דער לײדנשאפט, דארפנ באזיצנ אַלע הויכע אײגנשאפטנ — קלוגשאפט, רײַכקײַט, מילדקײַט, יוגנט, אַראַטאָרישע קונסט, קלאָרנ געדאנק, — אונ זײ דארפנ שטענדיק קאָנענ באזיגנ די גרעסטע שוועריקײַטנ. נאָר דער איז ווערט אָט די לײדנשאפט, ווער עס גיט איר אָפּ אלע זײַנע געדאנקענ, ווער עס קאָנ ברענגענ זיך פאר א קאָרבנ צוליב איר. דעם מאנ, וואָס איז באשאָנקענ מיט אזעלכע אײגנשאפטנ, רופט דער דיכטער אָנ מיטנ אראבישנ נאָמענ „מידזשנורי", וואָס באטײַט א מענטשנ, וועלכער איז „פארמישפעט" אפּ ליבע. די העלדנ רוסטאוועליס זײַנענ ריטערס, וואָס געדענקענ נאָר וועגנ זײער געליבטער. „די ליבע דערהויבט" — אזעלכע ווערטער לײגט דער דיכטער ארײַנ אינ מויל פונ זײַנע העלדנ.

מע וואָלט געקאָנט מײנענ, אז אזא ליבע קאָנ פארטונקלענ אלע אנדערע געפילנ. אָבער רוסטאוועלי שטעלט האנט בא האנט מיט אָט דער ליבע אויכ די געטרײַשאפט אונ די איבערגעגעבנקײַט צומ פרײַנט, וועלכע צווינגט פארגעסנ אינ אײגנ גליק.

דער העלד אווטאנדיל, וואָס געפינט זיך אפּ דער הײך פונ זײַנ רומ אונ פונ זײַנ מאכט, פארלאָזט זײַנ געליבטע טינאטינ, קעדײ העלפנ זײַנ פרײַנט טאריעלנ. ער קאָנ ניט געניסנ פונ גליק, ביז זײַנ פרײַנט געפינט זיך אינ נויט.

דאָס זעלבע קומט פאָר מיט א צווײטנ העלד, מיט פרידאָנענ, וואָס שטעלט אײַנ זײַנ לעבנ אונ קומט צו הילפ דעמ זעלבנ טאריעלנ.

וויאזוי קוקט דער אווטער אונ זײַנע העלדנ אפּ דער ווערט פונ לעבנ?

ניט יעדער לעבנ איז ווירדיק פאר דעמ מענטשנ.

א העלדישער טויט איז בעסער פונ א שענדלעכנ לעבנ. אויסמײַדנ דעמ טויט קאָנ קײנער ניט.

קײנ שומ דעראָבערונג לעבט ניט אײביק, כוץ שײנעמ רומ, אונ דערגרײכנ אזא רומ — דאָס איז דער העכסטער ציל אינ לעבנ. מע דארפ אײנמאָל פאר אלע מאָל שאָלעמ מאכנ מיט דער אומפארמײַדלעכקײַט פונ טויט.

אויכ די העלדנס בא רוסטאוועלינ זײַנענ ניט קײנ פאסיווע וועזנס, וואָס באנר־גענענ זיך מיט זײער שײנקײַט אונ שעפנ פארגעניגנ פונ די לויב־געזאנגענ פונ זײערע

העלדישע ריטערס. זיי אליינ נעמענ אנ אָנטייל אינ פּאָליטישנ לעבנ, אונ אינ אומגליקפאלנ ווײַזנ זיי ארויס ניט ווייניקער העלדישקײַט, ווי די מענער.

איינע פונ די העלדנס לערנט אזוי איר ריטער: וויינענ, זיכ מאכנ דעמ טויט, דאָס איז קיינ זאכ ניט פאר א פארליבטנ. בעסער אינ נאָמענ פונ ליבע ארויסווײַזנ א העלדישנ טאט.

מיט וואָס דערקלערט זיכ די אויסשליסלעכע לעבהאפטיקײַט פונ דער פּאָעמע „דער גיבער אינ דער טיגער־פעל"? קעדיי צו געבנ אנ אויסשעפּנדיקנ ענטפער אפ דער פראגע, וואָלט מענ באדארפט איבערעכענענ אלע מײַלעס פונ אָט דעמ גרויסנ פּאָעטישנ ווערק: די קראפט אונ די טיפקײַט פונ געפילנ, וואָס די פערזאָנענ לעבנ איבער, די אידיייִשע אָנגעזעטיקטקײַט, די צוציִענדיקײַט פונ דער פאבול אונ די גלענצנדיקע פאָרמ פונ פערז.

מע דארפ באזונדערס באצייכענענ צוויי סימאָנימ פונ רוסטאוועליס סטיל: די אפאָריסטישקײַט אונ די מעטאפאָרישקײַט. אייניקע קאפיטלעכ פונ דער פּאָעמע זײַנענ געדיכט איבערגעשאָטנ מיט אפאָריזמענ. איבערגעבנ די דאָזיקע אפאָריזמענ אפ אנ אנדער שפראכ איז זייער שווער. נאָכ רײַכער איז זײַנ פּאָעמע מיט מעטאפאָרעס. רוסטאוועלי איז אינ דער הינזיכט א גרויסער מײַסטער. אָנגעשריבנ איז די פּאָעמע מיט א 16־טראפיקנ פערז „שאירי". אויכ דאָ ווײַזט רוסטאוועלי ארויס גרויס מײַסטערשאפט. מע דארפ זיכ אויכ אָפּשטעלנ אפ רוסטאוועליס גראמענ. די פּאָעמע איז אָנגעשריבנ אינ קאטרענענ — פירשורעדיקע סטראָפעס, וואָס אלע פיר שורעס האָבנ איינ גראמ. די גראמענ זײַנענ דאקטילישע, דרײַ־זילביקע (די מערהײַט) אונ „ווײַבלעכע" — צוויי־זילביקע.

רוסטאוועלי האָט פארייִנפאכט די פּאָעטישע שפראכ פונ זײַנ צײַט. פונ די העכסטע טענער פונ פײַערלעכקײַט לאָזט ער זיכ אראָפּ אינ באזונדערע שטיקלעכ פראזע ביז אזעלכע איינפאכע פאָלקס־אויסדריקנ, וואָס באגעגענענ זיכ ניט ניט נאָר אינ דער פּאָעזיע, נאָר אויכ ניט אינ דער פראָזע פונ זײַנ צײַט. מע דארפ באמערקנ, אז די אלע סטיל־מײַלעס אונ די דיכטערישע מײַסטערשאפט, וועגנ וועלכער ס'איז גערעדט געוואָרנ אויבנ, דינענ אינ רוסטאוועליס פּאָעמע בלויז אפ אויסצופאָרמירנ א גרויסנ אונ א טיפנ אינהאלט.



## פונ די איבערזעצער

די איבערזעצונג פונ די קאפּיטלעכ, וואָס זײַנען געגעבנ געוואָרנ אינ דעם בוכ, זײַנען געמאכט געוואָרנ הויפּטזעכלעכ פונ דער ווערטעבלעכער איבערזעצונג פונעם גרוזינישנ טעקסט (מיטנ אָריגינאל), צוגעגרייט אינ טביליסי. דער טעקסט האָט געדינט אלס א גרונט אויכ פאר דער איבערזעצונג אפ אוקראַיניש. מיר האָבנ געהאט אינ אויג איינצײַטיק די צוויי רוסישע איבערזעצונגענ (באלמאָנט אונ צאגארעלי) אונ די אוקראַינישע איבערזעצונג (מ. באושאנ).

אינ ייִדיש זײַנען די קאפּיטלעכ איבערגעזעצט אינ אנ אכט־פוסיקנ כאָריי מיט א צעזורע אינמיטנ, וואָס אנטשפּרעכט דעם גרוזינישנ „שאַירי“ (דעם מעטר האָבנ באנוצט אלע אנדערע איבערזעצער), אונ מיט קרייצ־גראמענ (צוויי ווײַבלעכע אונ צוויי מענלעכע).

אונדזער ארבעט באטראכטנ מיר ווי א קליינעם בײַטראָג צום גרויסנ קולטור־יאָנטעוו פונ אלע פעלקער פונ ראטנפארבאנד, צום יובילײ פונעם גרויסנ גרוזינישנ דיכטער ש אָ ט א  ר ו ס ט א ו ו ע ל י.

1373—2



## דער אינהאלט פונ דער פּאָעמע

דער אראבישער קייסער ראָסטעװאַנ האָט ניט געהאַט קײנ זונ, אונ אז ער איז אלט געװאָרנ, האָט ער באשלאָסנ איבערצוגעבנ זײַנ הערשאַפט דער אײנציקער טאָכטער זײַנער, דער שײנער טינאטינ. אפנ מאָלצײַט, װאָס איז אײַנגעאָרדנט געװאָרנ לעקאָװעד טינאטינס קרוינונג, איז דער קייסער געזעסנ שטארק פארטרויערט אונ אפ דער פראַגע, װאָס טרויערט ער, האָט ער געענטפערט, אז אים טוט באנק, װאָס ער לאָזט בא זיכ אינ דער מעלוכע ניט איבער קײנ אײנציקנ מענטשנ, װאָס זאָל זײַנ אזוי געניט אינ שיסנ אונ אינ שפּילנ אונ זאָל זײַנ אזוי דרייסט, װי ער. דעם קייסערס דערצויגלינג, דער פירער פונ די ריטער, דער ריטער אװטאנדיל, װאָס איז געװענ פארליבט אינ דעם קייסערס טאָכטער, האָט ארויסגערופנ דעם קייסער זיכ פארמעסטנ מיט אים. דער קייסער האָט אײַנגעאָרדנט א געיעג, אונ דער ריטער האָט טאקע באזיגט דעם קייסער. צופרידענע האָבנ די קעמפער מיט זייערע דינער זיכ צוגעזעצט נאָכנ געיעג אָפּרוענ אינ װאלד נעבנ א טײַכ.

דאָ האָט דער קייסער דערזעענ א פרעמדנ גיבער, אָנגעטאָנ אינ א טיגער־פעל. דער פרעמדער, האָט שטארק געוויינט. ווילנדיק זיכ דערוויסנ די סיבע פונ זײַנ וויינענ, האָט דער קייסער געשיקט רופנ דעם גיבער. אָבער יענער האָט גאָרניט געענטפערט, האָט זיכ אופגעזעצט אפ זײַנ פערד אונ איז גיכ אוועקגעריטנ. אלע רײַטער, וואָס דער קייסער האָט נאָכגעשיקט אים צו פארהאלטנ, האָט דער ריטער געטויט, אונ ווענ דער קייסער מיט אווטאנדילנ האָבנ זיכ געלאָזט אליינ נאָכיאָגנ דעם ריטער, איז יענער גאָר פארשווונדנ. א באצאָרנטער האָט זיכ דער קייסער אומגעקערט אהיים. לויט דער אייצע פונ זײַנ טאָכטער טינאטינ, האָט דער קייסער צעשיקט שליכים אינ אלע עקנ לאנד זוכנ דעם גיבער אינ דער טיגער־פעל, אָבער אינערגעצ איז ער ניט געווענ. דער קייסער האָט באשלאָסנ, אז ס'איז געווענ ניט מער ווי א שאָטנ צי א ניטגוטער, אונ האָט זיכ בארויִקט. נאָר דאָ האָט טינאטינ ארויסגערופנ צו זיכ אווטאנדילנ אונ אינ נאָמענ פונ זײַנ ליבע צו איר געבעטנ אים זיכ לאָזנ אינ וועג ארײַנ אליינ געפינענ דעם פרעמדנ גיבער אָדער זיכ דערוויסנ, ווער איז ער. טינאטינ זאָגט צו אווטאנדילנ צו ווערנ זײַנ פרוי, ווענ ער וועט זיכ אומקערנ פונ דער רײַזע. זוכנ דעם ריטער האָט ער געדארפט דרײַ יאָר.

אווטאנדיל האָט זיכ געזעגנט מיט טינאטינ אונ מיטנ קייסער, איז אוועקגעפאָרנ צו זיכ אינ קאנט, ווו ער האָט צײַטווײַליק זײַנ קנעכט אונ פרײַנט שערמאדינענ איבערגעגעבנ די הערשאפט, אונ האָט זיכ איינער אליינ אוועקגעלאָזט אינ וועג.

דרײַ יאָר אָנ דרײַ כאדאָשים האָט געוואנדערט אווטאנדיל איבער וויסטע וועגנ. אנ אויסגעמאטערטער האָט ער איינמאָל אָפגערוט נעבנ א הויכנ בארג. פלוצעם האָט ער דערזענ צוויי רײַטער, וואָס האָבנ געהאלטנ אונטער די הענט א דריטנ, א פארוווּנדעטנ. די רײַטער האָבנ דערציילט, אז זיי, דרײַ ברידער פונ כאטאעטי, האָבנ דאָ נאָענט זיכ פארוגערמענ מיט געיעג, אז זיי האָבנ דערזעענ א פרעמדנ גיבער, געוואָלט אים אָפשטעלנ, נאָר יענער האָט מיט דער בײַטש שיר ניט דערהארגעט איינעם פונ זיי אונ איז אוועקגעריטנ ווײַטער. דערבײַ האָבנ זיי אווטאנדילנ אָנגעוויזנ אפ א רײַטער, וואָס האָט זיכ געטראָגנ אינ דער ווײַט. אווטאנדיל האָט גלײַכ פארשטאנענ, ווער דער פרעמדער איז, אונ מיט אופגעלעבטער האָפענונג זיכ געלאָזט גלײַכ נאָכיאָגנ דעם ריטער. אווטאנדיל האָט אויסגעשפירט, אז דער ריטער וווינט אינ א הייל, אונ צוזאמענ מיט אים וווינט אויכ א פרוי. ארײַנקומענדיק אינ

דער הײל, ווענ דער ריטער איז ניט געווענ, האָט אווטאנדיל זיכ דערוווּסט בא דער פרוי, אז זי הײסט אסמאט, דער גיבער הײסט טאריִעל, אז ער וואנדערט אומ איבער דער וועלט, אונ זי האָט צוגעזאָגט אווטאנדילנ זײַנ די פארמיטלערנ צווישנ אימ מיט טאריִעלנ. אסמאט האָט אויסגעפילט איר צוזאָג אונ צוגעפירט בײדע ריטער.

טאריִעל האָט דערצײלט אווטאנדילנ, אז ער איז א זונ פונ פארסאדאנס (דעמ אינדישנ קײסערס) א וואסאל, נאָר אזוי ווי פארסאדאנ האָט ניט געהאט קײנ קינדער, איז ער דערצויגנ געוואָרנ באמ קײסער. ער איז נאָכ געווענ א קינד, ווענ די קײסערינע האָט געבוירנ א טאָכטער, א שײנהײַט, מע האָט איר א נאָמענ געגעבנ נעסטאנ־דארעדזשאנ. דערווײַל איז געשטאָרבנ זײַנ פאָטער, אונ דער קײסער האָט אימ איבערגעגעבנ זײַנ פאָטערס מאכט. אײנמאָל האָט ער דערזענ נעסטאנ־דארעדזשאנ אונ האָט זיכ פארליבט אינ איר. פונ ליבע איז ער קראנק געוואָרנ, אונ זי האָט אימ דורכ אסמאט צוגעשיקט א בריוול, אינ וועלכנ זי האָט אימ צוגעזאָגט איר ליבע, נאָר געפאָדערט, ער זאָל זײַנ טרײַהײַט צו איר דערווײַזנ ניט מיט טרערנ, נאָר מיט א העלדנטאט: אזוי ווי די כאטאוונ, דעמ קײסערס צינז־צאָלער, האָבנ צוגעגרײט א פאראט, זאָל ער גײנ זײ באשטראָפנ אונ זיכ אומקערנ ווי א העלד. טאריִעל האָט אויפגעלעבט. ער האָט אוועקגעשיקט א בריוו צו די כאטאוונ מיט א דראָונג צו באשטראָפנ זײ, אויב זײ וועלנ ניט צאָלנ קײנ צינז. אײנמאָל האָט ער זיכ באגעגנט מיט זײַנ געליבטער, נאָר זײ האָבנ צווישנ זיכ ניט גערעדט.

דער קײסער פונ די כאטאוונ, ראמאז, האָט געענטפערט טאריִעלנ, אז ער אנערקענט ניט פארסאדאנס הערשאפט אונ איז גרײט צו פארטײדיקנ זײַנ לאנד. טאריִעל האָט זיכ געגרײט צומ מארש. נעסטאנ האָט ווידער געשיקט צו זיכ רופנ טאריִעלנ, אונ זײ האָבנ געשווירנ טרײַהײַט אײנס דעמ צווײטנ. די שלאכט מיט די כאטאוונ האָט טאריִעלנ געראָטנ. ראמאז אלײנ איז געפאנגענ געוואָרנ, אונ טאריִעל האָט פארנומענ זײַנ לאנד. אפנ מאָלצײַט לעקאָוועד דעמ זיג האָט טאריִעל ווידער דערזענ נעסטאנ. נאָכנ מאָלצײַט האָט אימ אסמאט געבראכט פונ איר א בריוו, ווו זי האָט אימ באגריסט מיטנ זיג, ווידער דערקלערט זיכ אינ ליבע אונ צוגעשיקט א מאטאָנע — א בראסלעט פונ איר אײגענער האנט. טאריִעל האָט איר געענטפערט מיט א בריוו אונ געשיקט אלס ענטפערמאטאָנע זײַנ קלײד אונ זײַנ טשאלמע.

פאַרסאַדאַנ האָט אײַנגעלאַדן טאַריִעלן אין פּאַלאַץ און האָט אים דערציילט, אַז אַזױװי יער װערט שוין אַלט, רעכנט ער זײַן טאָכטער איבערגעבן די הערשאַפט. אַלס איידעם מיינט ער נעמען כוואַראַזמשאַ — דעם זון פונעם כוואַרעזמער הערשער. טאַריִעל האָט זיך ניט דערוועגט צו דערווידערן, און דער קייסער האָט גלײַך אַוועקגעשיקט וועגן דעם איניען אַ בריוו אין דער כוואַרעזמער הויפּטשטאָט. טאַריִעל האָט געליטן. נעסטאַן האָט אים אַרויסגערופן צו זיך און אים שאַרף פאַרגעהאַלטן, אַלעמען ער האָט געבראָכן זײַן צוזאָג, געשטיצט דעם קייסערס פאָרשלאַג און דערמיט זיך פון איר אָפּגעזאָגט. זי האָט באַשלאָסן ניט אָפּטרעטן די קרוינשטול קיינעם, פונוואַנען מע זאָל ניט קומען. טאַריִעל האָט איר דערקלערט, אַז ער האָט מיט אַ שווער געמיט געמוזט צושטימען צום קייסערס פאָרשלאַג, נאָר ער וועט אויך ניט דערלויבן, אַז כוואַראַזמשאַ זאָל זיך זעצן אויפן אינדישן טראָן, און ער קלערט נאָר, וויאַזוי צו צעשטערן די כאַסענע. נעסטאַן־דאַרעדזשאַן האָט אים פאָרגעלייגט בעטן בײַ פאַרסאַדאַנען איר האַנט און די מאַכט. דעם ניטגעבעטענעם כאָסן דאַרף מען אָפּראַמען פונעם וועג.

אַז כוואַראַזמשאַ איז געקומען מיט אַ הײַפּשער באַגלייטונג און מיט מיליטער, איז טאַריִעל מיט זײַן מיליטער אים אַרויס באַגעגענען. בײַנאַכט איז טאַריִעל מיט זײַנע נאָענטסטע מענטשן, לויט נעסטאַן־דאַרעדזשאַנס פאָדערונג, באַפאַלן דאָס געצעלט, וווּ כוואַראַזמשאַ האָט גערוט, און געטויט דעם כוואַרעזמער. אַליין איז ער מיט זײַנע קריגער אַוועק צו זיך אין פעסטונג. די פּאַרסן האָבן געפּרוּווט שטורעמען די פעסטונג, נאָר זיי האָבן געליטן אַ מפּלה. פאַרסאַדאַן איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף טאַריִעלן, פאַרוואָס ער האָט אים ניט געזאָגט פריִער וועגן זײַן ליבע צו דער טאָכטער און האָט אים אָנגעטאָן אַ שאַנד, פאַרגיסנדיק דאָס בלוט פונעם פּאַרס. טאַריִעל האָט אים געענטפערט, אַז אַלס דערציִגלינג פונעם קייסער, האָט ער דער איינציקער די רעכט אויף דער הערשאַפט אין לאַנד און וועט די מאַכט קיינעם ניט אָפּגעבן. און די טאָכטער מעג ער אויסגעבן פאַר וועמען ער וויל — ווי קאָן ער זי פאָדערן זיך פאַר אַ ווײַב.

צו דער געליבטער האָט טאַריִעל אַוועקגעשיקט אַ לויפער. אָבער איינמאָל, וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט ער דערזען אַסמאַט, און זי האָט אים דערציילט, אַז דער

קייסער איז פונ דער געשיכטע מיטנ מאָרד אַרײַנ אינ א גרויסנ צאָרנ און האָט צוגעזאָגט באַשטראָפנ זײַנ שוועסטער דאוואר, וואָס זי האָט דערצויגנ נעסטאנ־דארעדזשאנגנע. דאוואר האָט זיך דאָס דערוווסט, האָט זי שטארק געשלאָגנ דארעדזשאנגנע, אַלעמײַ זי איז אראָפּ פונעם וועג, האָט גערופנ צוויי פרעמדלענדער, מורינער, און יענע האָבנ זי ערגעץ אוועקגעפירט. דאוואר אַליינ האָט זיך אַרײַנגעשטאָכנ א מעסער אינ הארצנ.

טאריעל האָט דאָס דערהערט, האָט ער גלײַך אָפּגעקליבנ בא אָנדערהאַלבנ הונדערט מענטשנ, זיך באוואָפנט און זיך געלאָזט אינ וועג אַרײַנ זוכנ נעסטאנ. געקומענ צום ברעג, האָבנ זיי זיך ארופגעזעצט אפ א שיפ, גענזוכט כאדאָשימ און יאָרנ, אָבער אינערגעץ נעסטאנס נאָמענ נית געהערט. די מענטשנ זײַנענ אומגעקומענ — א טייל אפנ די איבעריקע שפעטער אפ דער טריקעניש. געבליבנ איז ער איינער אַליינ מיט אסמאט און מיט נאָך צוויי קנעכט, און פונ נעסטאנ איז אַלצ קיינ ידיעה נית געווענ.

איינמאָל אינ א וואלד הינטער א שטאָט באם ברעג האָבנ זיי דערזענ א פארוואונדעטנ רײַטער. אפ טאריעלס פראגע, ווער איז ער, האָט דער רײַטער דערציילט, אז ער הייסט נוראדינ־פרידאָנ, ער איז א הערשער, און זײַנ הויפּטשטאָט הייסט מולגאזאנזארי. זײַנ זיידע האָט צעטיילט צווישנ די קינדער די ערדנ, און ער, פרידאָנ, האָט באקומענ אלס נאכלע דעמ אינדזל, נאָר אפנ אינדזל האָט זיך באזעצט זײַנער א פעטער, וועמעס מאכט ער אנערקענט נית. דאָ ערשט, ווענ ער האָט זיך פארנומענ מיט געיעג אפנ אינדזל, זײַנענ אפ אימ מיט זײַנע מענטשנ אָנגעפאלנ זײַנע שוועסטערקינדער, האָבנ דערהארגעט אַלע זײַנע באגלייטער, און ער אַליינ האָט זיך קוים געראטעוועט. איצט קלײַבט ער זיך באַשטראָפנ זײַנע סאָנים. טאריעל האָט אימ צוגעזאָגט זײַנ הילפ, זיי האָבנ ביידע געשלאָסנ פרײַנטשאפט און אוועקגעפאָרנ צו פרידאָנענ אינ דער הויפּטשטאָט.

אינ א שטיקל צײַט ארום האָט פרידאָנ צוגעגרייט א פלאָט, גענומענ מיט זיך געניג קריגער און אינאיינעמ מיט טאריעלנ זיך געלאָזט אפנ אינדזל. זיי האָבנ צעקלאפט דעמ סוינע און זיך אומגעקערט אהיימ מיט גרויס רומ.

איינמאָל אפ געיעג האָט פרידאָנ דערציילט טאריעלנ, ווי ער האָט צופעליק געזענ

צווײ קאָזשן פֿירן אַוועק אַ שײנ מײדל אַף אַ שיפֿל. טאַריָעל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען נעסטאַן, און ער האָט דערצײלט פֿרידאָנען זײַן גאַנצע געשיכטע און געבעטן בײַ אים הילף צו ראַטעווען נעסטאַן פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט. פֿרידאָן האָט צוגעזאָגט. ער האָט צעשיקט מענטשן אַף שיפֿן און רײַטער אַף פֿערד זוכן די שײנע נעסטאַן, נאָר אַלע האָבן זיך אומגעקערט מיט לײדיקע הענט. און טאַריָעל האָט זיך ווידער צעשײדט מיט פֿרידאָנען און זיך אַלײן געלאָזט זוכן זײַן געליבטע. נאָך לאַנגע וואָגלעגישן און שלאַכטן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, באַזעצט ער זיך אין דער הײל, בלאָנדזשעט אַרום אײנער אַלײן, און בלויז אַסמאַט איז געבליבן מיט אים. אַלס צײכן דערפֿון, וואָס ער זעט די שײנהײט זײַנע אין דער געשטאַלט פֿון אַ טיגערן, טראָגט ער די טיגער־פֿעל. צען יאָר איז שוין פֿאַריבער, און פֿון נעסטאַן איז אַלץ ניטאָ קײן שום ידיעה. אַזוי האָט טאַריָעל פֿאַרענדיקט זײַן דערצײלונג און פֿאַרגלײגט אַווטאַנדילן, ער זאָל זיך אומקערן אַהײם צו זײַן געליבטער. אַווטאַנדיל איז געווען שטאַרק גערירט פֿון דעם אַלעמען, האָט געזאָגט, אַז ער וועט פֿאָרן אַהײם, אַלצדינג איבערגעבן טינאַטינען, אָבער ער וועט זיך אומבאַדינגט אומקערן צוריק העלפֿן טאַריָעלן געפֿינען זײַן געליבטע. און זײ האָבן געשוואָרן פֿרײַנטשאַפֿט אײנער דעם צווײטן, און אַווטאַנדיל איז אַוועקגעפֿאָרן מיטן צוזאָג אין אַכט וואָכן אַרום זײַן צוריק.

געקומען אַהײם, האָט אַווטאַנדיל פֿון שערמאַדינען אויסגעהערט אַ גענויעם באַריכט וועגן אַלץ, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען בײַ אים אין דער מעלוכע, און איז אַוועקגעפֿאָרן צוזאַמען מיט אים צו דער יונגער מאַלקע. בײַ דער באַגעגעניש מיט ראָסטעוואַנען האָט אַווטאַנדיל אים דערצײלט וועגן זײַן רײַזע. טינאַטין האָט אַרויסגערופֿן אַווטאַנדילן צו זיך, זי האָט אויך אויסגעהערט זײַן געשיכטע, געווען צופֿרידן מיט זײַן קומען און האָט אויך געשטיצט זײַן באַגער זיך אומקערן צוריק צום גיבער אין דער טיגער־פֿעל, קעדײ צו העלפֿן יענעם אין זײַן אומגליק. און אַווטאַנדיל האָט זיך גענומען ווידעראַמאָל גרײטן אין וועג אַרײַן.

נאָר פֿריִער איז ער אַוועקגעגאַנגען זיך אויסײַצען מיטן קײסערס ראַטגעבער — דעם וואַזיר. דער וואַזיר האָט געזאָגט, אַז דער קײסער וועט זיכער זײַן שטאַרק באַרויגעז, וואָס אַווטאַנדיל וויל אַוועקפֿאָרן, און ער קאָן גאָר אַזאַ זאַך ניט איבערגעבן

דעמ הערשער. אָבער אוּוטאַנדיל האָט דערקלערט, אַז אויב דער קייסער וועט ניט דער־לויבנ, וועט ער מוזנ אַוועקפאָרנ געהיימ, ווײַל ער האָט געגעבנ אַ וואָרט. דער וואַזיר איז אַוועק צומ קייסער, אָבער ווי ער האָט פּאָרויסגעזעג, האָט אוּוטאַנדילס באַקאָשע אַרויסגערופנ באַמ קייסער גרויסנ צאָרנ. ער האָט אַרויסגעטריבנ דעמ וואַזיר, וואָס האָט זיכ דערוועגט אפילע ריידנ וועגנ אַזאַ זאַכ.

אוּוטאַנדיל האָט זיכ דורכגערעדט מיט שערמאַדינענ, דערציילט, אַז דער קייסער לאָזט אימ ניט אָפּ, אונ דערקלערט, אַז ער מוז אַוועקפאָרנ. שערמאַדינענ האָט ער ווי־דער איבערגעגעבנ די מאַכט באַ זיכ אינ לאַנד אונ דעמ קייסער ראָסטעוואַנענ האָט ער איבערגעלאָזט אַ בריוו, אינ וועלכנ ער בעט פאַרגעבונג, וואָס ער טוט קעגנ זײַנ ווילנ. אָבער ער קאָנ ניט טונ אַנדערש, ווײַל ער האָט געגעבנ אַ וואָרט זײַנ פרײַנט. דערבײַ האָט ער געבעטנ, אַז אויב ער וועט זיכ ניט אומקערנ, זאָל דער קייסער צע־געבנ אַלע זײַנע רײַכטימער די אָרעמעלײַט אונ ער זאָל ניט פאַרגעסנ שערמאַדינענ מיט זײַנ גוטסקײַט. אונ נאָכ אַ הייסער טפילע האָט אוּוטאַנדיל זיכ געזעגנט מיט שערמאַדי־נענ אונ איינער אַליינ זיכ אַוועקגעלאָזט אינ וועג אַרײַנ. שטאַרק באַצאָרנט איז דער קייסער געוואָרנ, דערוויסנדיק זיכ וועגנ דעמ, אונ ער האָט דערקלערט טרויער.

געקומענ צוריק אינ דער באַקאַנטער הייל, האָט אוּוטאַנדיל דאָרט געטראָפנ אַס־מאַט אַליינ. טאַריִעל איז ניט געווענ. ער האָט זיכ ניט דערוואַרט אָפּ זײַנ פרײַנט אונ איז ווידער אַוועק וואָגלענ. אוּוטאַנדיל האָט זיכ געלאָזט אימ זוכנ. דרײַ מעסלעס האָט ער זיכ געשלעפּט דורכנ וויסטנ וואַלד, ביז איינמאָל האָט ער אימ געפונענ. אַ פאַרכאַ־לעשטער איז טאַריִעל געלעגנ אָפּ דער ערד, נעבנ אימ אַ געטויטער לייב אונ אַ דער־שטאָכענער טיגער. אוּוטאַנדיל האָט דערמונטערט זײַנ פרײַנט, אונ זיי האָבנ זיכ ביידע געלאָזט רײַטנ אינ וועג אַרײַנ. טאַריִעל האָט דערציילט אוּוטאַנדילנ, ווי ער האָט גע־טויט דעמ לייב אונ דעמ טיגער. ביידע ריטער זײַנענ געקומענ צוריק אינ הייל אַרײַנ צו אַסמאַט. טאַריִעל באַשליסט ווידער פאָרזעצנ זײַנע זוכענישנ. ביידע ריטער האָבנ זיכ געזעגנט מיט אַסמאַט אונ אַרויסגעפאָרנ אינאיינעמ. דערנאָכ האָט טאַריִעל זיכ געלאָזט אינ איינ זײַט, אונ אוּוטאַנדיל — אינ דער צווייטער זײַט, צו פרידאָנענ, אינ דער שטאָט מולגאַזאַנזאַרי. נאָכ אַ לאַנגער רײַזע האָט זיכ אוּוטאַנדיל דערקליבנ צו פרידאָנענ,

וועלכנ ער האָט געטראָפֿנ אפ געיעג. אווטאַנדיל האָט דערציילט פֿרידאָגענ וועגנ טאַריעלנ אונ דערנאָך וועגנ זיך, אונ יענער האָט אים זייער גוט אופֿגענומענ, אונ זיי האָבנ בייד־דע פֿאַרווײַלט אינאיינעם. דערנאָך האָט פֿרידאָנ געגעבנ אווטאַנדילנ פֿיר באַגלייטער אונ אויסגעריכט אים אינ וועג אַרײַנ זוכנ די שיינע נעסטאַנ־דאַרעדזשאַנ. אפֿנ וועג האָט אווטאַנדיל געהאָלפֿנ אַ קאַראַוואַנ מיט סאָחרים צו פֿאַרטרײַבנ די פּיראַטנ, וואָס זײַנענ זיי באַפֿאַלנ, אונ קעדיי בעסער אויספֿילנ זײַנ שליחעס, איז ער צוגעשטאַנענ צו די סאָחרים, געקליידט ווי איינער פֿונ זיי.

פֿאַרשטעלט ווי אַ סויחער, איז אווטאַנדיל דורכגעפֿאָרנ ידעם יאָם אונ געקומענ אינ דער שטאָט גולאַנשאַראָ. דעם דאָרטיקנ סויחערס אַ פֿרוי פֿאַטמאַ, וואָס האָט זיך פֿאַרליבט אינ אווטאַנדילנ, האָט אים איינמאָל דערציילט, אַז זי האָט געזענ, ווי צוויי שוואַרצע קאַדזשנ זײַנענ צוגעפֿאָרנ מיט אַ שיפֿל צום ברעג אונ געבראַכט מיט זיך אַ בילד־שיינע פֿרוי. אירע קנעכט זײַנענ באַפֿאַלנ די קאַדזשנ, דערהאַרגעט זיי, אונ פֿאַטמאַ האָט דאָס שיינע מיידל גענומענ צו זיך. זי האָט אָבער בעשום אופֿנ ניט געקאָנט דערגיינ,. ווער די שיינהײַט איז. פֿאַטמאַ האָט דערציילט וועגנ דער געשיכטע איר מאַנ, אונ יענער האָט אוועקגעשענקט די שיינהײַט דעם קייסער זײַנעם אַלס קאַלע פֿאַר זײַנ זונ. דער קייסער האָט זי באַזעצט אינ אַ שיינעם פּאַלאַץ אונ האָט צוגעשטעלט צו איר אַסאַך דינער. אָבער זי האָט דערקלערט, אַז זי וועט פֿאַרנ קייסערס זונ ניט חאַ־סענע האָבנ, בעסער וועט זי זיך טייטנ. זי האָט אונטערגעקויפֿט די וואַך, אונ זיי האָבנ איר געהאָלפֿנ אַנטלויפֿנ.

אונ פֿאַטמאַ האָט ווײַטער דערציילט, ווי איינמאָל גייענדיק נעבנ אַ גאַסט־הויז, האָט י. געהערט ריידנ דרײַ פֿרעמדע קנעכט. פֿונ זייערע רייד האָט זי זיך דערוווּסט, אַז די אַנטלאָפֿענע שיינהײַט איז אַרײַנגעפֿאַלנ צו דער מאַלקע פֿונ קאַדזשעטי. פֿאַטמאַ האָט צוגע־שיקט קיינ קאַדזשעטי צוויי קנעכט, אונ זיי האָבנ זיך דערוווּסט, אַז די מאַלקע וויל די פֿרוי חאַסענע מאַכנ מיט איינעם פֿונ אירע זינ—ראָסאַנענ. דערווײַל געפֿינט זי זיך אינ אַ הויכנ שלאָס, אונ ס'איז צו איר צוגעשטעלט אַ וואַך. אונ פֿאַטמאַ האָט אויסגעמאָלט אווטאַנדילנ די שטאָט קאַדזשעטי, ווו זי שטייט אונ וועלכע פֿעסטונגענ זי האָט אונ וויפֿל מיליטער דאָרטנ איז פֿאַראַנ.

אווטאנדיל האָט דאנ זיכ אנטפּלעקט פאר פאטמא אונ האָט געבעטנ איר הילפ אפ צו באפרײַענ נעסטאנ־דארעדזשאנ. פאטמא האָט אָנגעשריבנ א בריוו נעסטאנענ אונ איר געגעבנ צו וויסנ וועגנ אווטאנדילנ. אונ נעסטאנ האָט צוריק איבערגעשיקט א בריוו פאר טאריִעלנ, אינ וועלכנ זי האָט אימ באשטעטיקט איר אײביקע טרײַהײַט צו אימ אונ אימ צוגעשיקט א שטיקל פונ איר קלייד, אלס סימענ פונ איר ליבע.

אווטאנדיל האָט גלײַכ אוועקגעשיקט א בריוו צו פרידאָנענ, אינ וועלכנ ער האָט אימ מיטגעטיילט וועגנ נעסטאנס געפאנגענשאפט אונ געבעטנ הילפ. ער אליינ האָט זיכ געזעגנט מיט פאטמא אונ זיכ אוועקגעלאָזט מיטנ יאַמ צוריק צו געפינענ טאריִעלנ אונ אימ אלצ איבערגעבנ. נאָכ לאנגע זוכונגענ האָט ער טאריִעלנ געטראָפנ איינמאָל אינ סטעפ אונ האָט אימ דערלאנגט דעמ בריוו. ביידע העלדנ האָבנ זיכ אויסגעריכט אינ וועג ארײַנ אונ זיכ אוועקגעלאָזט צו פרידאָנענ, קעדיי צוזאמענ ארויסטרעטנ קעגנ די קאדזשנ אונ באפרײַענ נעסטאנ־דארעדזשאנ. די שלאכט איז אונדזוערע העלדנ געראָטנ. זיי האָבנ צעקלאפּט די קאדזשנ אונ ארויסגעפירט נעסטאנ־דארעדזשאנ פונעמ טורעמ. דערבײַ האָבנ אלע דרײַ ארויסגעוויזנ גרויס העלדישקײַט. אָפּגעדאנקט פאטמא פאר איר הילפ, זײַנענ אלע דרײַ העלדנ־פרײַנט צוזאמענ מיט דער באפרײַטער נעסטאנ אוועקגעפאָרנ צו פרידאָנענ. מע האָט ארויסגערופנ אויכ אסמאט, אונ בא פרידאָנענ אינ פאלאצ איז פאָרגעקומענ א גרויטער מאָלצײַט לעקאָוועד דער פארקנאסונג פונ טאריִעלנ מיט נעסטאנ־דארעדזשאנ. נאָכ דעמ האָבנ אלע זיכ אוועקגעלאָזט צו ראָסטעוואנענ, ווײַל טאריִעל האָט דערקלערט, אז נעסטאנ וועט ניט ווערנ זײַנ פרוי, ביז ער וועט ניט אָפּדאנקענ אווטאנדילנ אונ אימ צונויפירנ מיט דער שיינער טינאטינ. אפנ וועג האָבנ זיי זיכ ווידער אָפּגעשטעלט אינ דער הייל, וו טאריִעל האָט פארבראכט אזויפיל צײַט אליינ מיט אסמאט, אונ דאָרטנ האָבנ זיי געפונענ א גרויסנ אויצער.

ראָסטעוואנ האָט מיט גרויס קאָוועד אופגענומענ זײַנע געסט. ער האָט זיכ זייער דערפרייט מיט אווטאנדילנ אונ גלײַכ טאקע, אינ דער אָנוועזנהײַט פונ טאריִעלנ, פרידאָנענ אונ נעסטאנ־דארעדזשאנ, איז פאָרגעקומענ די כאסענע צווישנ אווטאנדילנ מיט טינאטינענ.

דערפילט זײַנען געוואָרן אויך די פאַרלאַנגען פון טאַריִעלן מיט נעסטאַן. מיט דער הילף פון זײַנע העלדישע גוטע פרײַנט האָט טאַריִעל באַפרײַט זײַן לאַנד און איז געוואָרן דער הערשער פונעם אינד און זיך פאַרייניקט מיט זײַן געליבטער נעסטאַן. און אַלע דרײַ העלדן זײַנען געבליבן אײביקע פרײַנט, און די מעלוכעס זײערע האָבן גע־לעבט אין פרידן אײנע מיט דער אַנדערער.





## ורײַנביר

דו, וואָס האָסט די וועלט באשאפן און באשאפן אָט דאָס לעבן,
און אריַינגעהויכט דיַין אָטעם אין די וועזנס פון דער וועלט,
און די ערד די פילקאָלירטע פאר די מענטשן אָפגעגעבן,
לויט געשטאלט און אויסזען דיַינעם גרויסע הערשער אופגעשטעלט.

גאָט, דער איינציקער, באשעפער פון דעם מענטש און פון דער כיַיע,
אפ צו ביַיקומען דעם טיַיוול גיב מיר קראפט און היט מיך אָפ,
ביזן טויט אין מיר זאָל גליִען דער געהיימער ליבע־פיַיער,
מיַינע זינד פארגיב די שווערע, וועלכע בייגן מיך אראָפ.

ווי א שילד דעם לייב—דעם הערשער, ווי א שפּיז, ווי שווערדן בּלאַנקע,—
פאַסט טאַמאַרן פלאַם פון ליפּן און אגאַט פון שוואַרצע האָר.
קאָן איך וואַגן דען דעם הערשער רימען, לויבּן אין געזאַנגען?
מילך און האָניק די געניסן—וואָס איין בּליק ער שענקט זיי נאָר.

לאָמיר־זשע טאַמאַר בּאַזינגען, ניט מיט ווערטער, נאָר מיט טרערן.
כ׳האָב געבּראַכט די בּעסטע ווערטער, וועלכע האָבּן זי די ווערט.
טיפע שײַן פון אירע אויגן זאָל מײַן פען־טשערעט דערנערן,
און אין האַרץ מײַן ליד זאָל טרעפן, ווי די בּלאַנקע שאַרף פון שווערד.

שווער איז מיר די מאַלקע רימען, קלאַנגען עכטע צו געפינען,
אירע בּרעמען, ווײַעס, לאָקן און דאָס פּאָנעם, פול מיט כיין,
לויבּן אירע ציין—די פּערל און די ליפּן—די רובּינען,—
אַף דער בּלײַענער קאָוואַדלע בּרעכט מען דאָך דעם האַרטסטן שטיין.

איך בּאַדאַרף א האַרץ מיט פײַער, ווערטער פול מיט קראַפט און גלויבּן,
קומט, איר זשונגען, איר העלע, און דעם וועג פאַר מיר בּאַשײַנט,
כ׳וויל בּאַזינגען טאַריעלן, איבּער וועלט אים הויך דערהייבּן,
כ׳וויל גיבּוירים דרײַ בּאַזינגען, האַרציק־טרײַע גוטע פרײַנט.

קומט בּאַדויערט טאַריעלן, וויינט אַף זײַנע גרויסע שמאַרצן,
ווי דער טויט, איז שטאַרק זײַן ליבּע, ווי די ליבּע—גרויס דער וויי.
איך, דער זינגער רוסטאַוועלי, מיט דער שפּיז פון פּײַן אין האַרצן,
אַלטע מײַסעס, ווי די פּערל, אָנגעסילעט האָבּ איך זיי.

איך, רוסטוועלי, דול פונ ליבשאפט, וויל איצט אָנהייבנ דערציילנ,
צו דער הערשערנ דער גרויסער רופ איך אינ מײַנ שווערער נויט.
איך בינ קראנק, נאָר קײנ רעפוּע קאָנ פונ ליבע דאָך ניט היילנ,
זאָל מיט מיר א נעס פאסירנ, אָדער קומענ זאָל מײַנ טויט.

די איראנישע געשיכטע, אינ גרוזיניש לאנג פארשריבנ,
אַט דעמ זעלטנשײנעמ פערל, וואָס איז דורך אזויפיל הענט,
כ׳האָב געפונענ, אונ אינ פערזנ וואָרט נאָך וואָרט כ׳האָב אופגעקליבנ,
אז בא דער, וואָס רויבט מײַנ זינענ, זאָל מײַנ מי זײַנ אנערקענט.

כ׳בינ פארבלענדט פונ אירע אויגנ, נאָר די בליקנ זוך איך ווידער,
א פארמאטערטער פונ ליבע, בלאָנקע איך אָנ שומ געדאנק.
אש מעג ווערנ פונ מײַנ קערפער, נאָר דער גײַסט וואכט אופ אינ לידער,—
וועגנ העלדנ, דרײַ גיבוירימ, וועל איך זינגענ א געזאנג.

וואָס באשערט איז פונעמ גוירל, דארפ מענ אופנעמענ אָנ קלאָגנ.
ס׳גייט דער פויער נאָכנ אקער, אונ דער קריגער גייט אינ שלאכט,
דער פארליבטער טיפ אינ הארצנ זײַנ געפיל דארפ שטענדיק טראָגנ.
יענעמס ליבע דארפ מענ שעצנ, ווערט די אייגענע באוואכט.

הויכע קלוגשאפט איז פארבאָרגנ אינ דער דיכטונג, אינ געזאנגענ,
סוידעס געטלעכע אונדז מעלדנ יעדער זילב אונ יעדער קלאנג.
ס׳איז א גרויסע פרייד אינ לידער מײנענ אײדעלע צו פאנגענ,
אינ א גוטנ פערז פארפרעסט איז — ברייטקײַט, טיפקײַט פונ געדאנק.

1373—3

פאר א פערד — דער פּרווו דער בעסטער — יאָגנ איבּער בּערג אונ לאנען,
אונ א שפּילער דארפ דעם קײַלעכ קאָנען ווארפן, טרעפן וויל,
אויכ דער דיכטער — ער דארפ קענען, ווי די פערד, די פּערזנ שפּאנען,
אז עס זאָל די ליד ניט פאלן, ס׳זאָל דער פּערז ניט קריכנ פּויל.

נעמט דעם דיכטער, ווענ זײַנ קויעכ ווערט שוינ אָפּגעשוואכט אביסל,
ווענ עס פעלנ אימ שוינ ווערטער, אונ דער גראמ טוט אָפּט א הינק.
זאָל ער בעסער שווײַגנ דעמלט אָדער גאָר די ליד זאָל שליסנ,
ווי א שפּילער א געשיקטער פירט דעם באָל צום ציל־פּונקט פלינק.

דער איז ווײַט נאָכ ניט קיינ דיכטער, ועמענ ס׳האָט זיכ אײַנגעגעבנ
אויסצוקלערנ א פּאָר שורעס, וועלכע זײַנענ גאָרניט ווערט.
ער פארגראמט צוויי שלעכטע פּערזנ, איינס צום צווייטנ זיכ ניט קלעפּנ,
אונ ער רעוועט, ווי אנ אייזל: „כ׳בינ דער גרעסטער אפ דער ערד״.

דיכטער אנדערע פאראנענ, קוקנ מיט פארגלאָצטע אויגנ,
נאָר צו הערצער פונ די מענטשנ זייער דיכטונג ניט דערלאנגט,
ווי א שיסער ניט קיינ פלינקער, וועלכער שפּאנט מיט פײַל־אונ־בויגנ,
נאָר ער שרעקט זיכ פאר א כײַע, אונ ער יאָגט נאָכ קליינ־געפאנג.

אונ פאראנ א מינ א דריטער, זינגענ לידער זייער גערנ,
זייער ליד פארווײַלט אפ סימכעס, זי איז פריילעכ אונ פארשארפט,
אויבּ זי האָט א שטיקל זינען, איז זי אנגענעמ צו הערנ,
נאָר א דיכטער איז בלויז יענער, וואָס א וויכטיק ווערק באשאפט.

ווער עס ווייסט פונ מי אונ ליידנ, יענער איז אנ עכטער דיכטער,
איינע טראָגט ער אינ זײַנ הארצנ, אונ איר איינער אלס געשאנק
גיט ער אָפּ די שאפונגס־קרעפטנ, אלע פרעכטיקע געשיכטעס,
אלע טרוימענ אונ געדאנקענ, פונ געזאנגענ דעם געקלאנג.

הערט, איכ וויל הײַנט זינגענ ווידער, כ׳הייב איר רומ אונ לויב איר ערע,
צו דעמ העלדנטאט פונ דיכטנ בינ איכ גרייט, ווי צו א שלאכט.
די, וואָס שאפט איבער מײַנ לעבנ, זי איז בייז, ווי א פאנטערע,
נאָר איר גרויסקײַט דורכצוטראָגנ דורכ די דוירעס כ׳האָב פארטראכט.

כ׳זינג פונ הימל־ריינער ליבע, פונ דעמ הויכנ קרײַז פונ גײַסטער,
שווער מיט ווערטער זי באזינגענ, אונ מוזיק פאר איר איז קארג.
גליקלעכ ביסטו, גוירל מײַנער, צו די טרוימענ טראָג מיכ דרייסטער,
ווער עס וויל פונ גליק געניסנ, מוז אויכ גרייט זײַנ ליידנ שטארק.

כוץ פארליבטע, וועט דאָ קיינער אזא ליבע ניט באנעמענ,
וועט א דענקער פונ איר הערנ, וועט ער אויכ זיכ גלייבנ קוימ.
אונ א מענטש, וואָס גלוסט־באגערנ אינ די בלוטנ זײַנע ברענענ,
צערטלט אזא ריינע ליבע, ווי אנ אומדערגרייכטנ טרוימ.

א „פארליבטער״ אונ א „דולער״ אפ אראביש איז דאָס זעלבע,
באמ ניטגליקלעכנ פארליבטנ ווערט דער זינענ דאָכ בארויבט.
האָסטו ליב, פליט דײַנ נעשאָמע צו די הימלשע־געוועלבנ,
האָסטו נישטיקע באגערנ, ווערסטו דעמלט אש אונ שטויב.

האָסטו ליב, באַדאַרפסטו שײַנען, ווי די זון אויף גאָרע ווײַטן,
זײַן אי פלינק, אי דרייסט, אי מעכטיק און מיט שיינקײַט העל צעבליט,
קלוג און מילד זײַן און געדולדיק, און דער ערשטער אין די שטרײַטן, —
אויב דו האָסט ניט אָט די מײַלעס, ביסטו דאָך קיין גיבער ניט.

ליבע איז א סאָד א גרויסער, און דעם סאָד ווייסט דער באַגליקטער,
דאָס איז נאָענטקײַט פון הערצער, ניט קיין פלאַם, וואָס באַלד פאַרגייט.
ס׳איז פאַראַנען לוסט און ליבע, צווישן זיי אַן אָפּגרונט ליגט דאָך,
ווילסט דעם אונטערשייד דערקענען, הער זיך אײַן אין מײַנע רייד.

האָסטו ליב, איז זײַ באַשטענדיק, שטרעב די גלוסטונג אויסצומײַדן,
און צעשיידונג איבערטראָגן דאַרף דיר קלעקן מוט און קראַפט,
דו דאַרפסט זײַן געטרײַ דער איינער, קאָנען דולדן, קאָנען לײַדן,
איך האָב פײַנט פאַרשײַטע גלוסטונג און די גראָבע ליידנשאַפט.

ריידערײַען, שפּילערײַען, דאָס איז ניט קיין עכטע ליבע,
איינע הײַנט — א צווייטע מאָרגן, און מיט איר זיך שיידן גרייט.
דאָס איז שלעכטע גענג פאַרשײַטע, דאָס איז יוגנטלעכער פיבער.
ליבן הייסט — די קראַפט פאַרמאָגן פון דער וועלט זײַן אָפּגעשיידט.

ליבן הייסט — דאָ קענען לײַדן, גאַנצע נעכט ניט שלאָפן קענען
און דעם אָנבליק פון דער ליבער היטן לאַנג אין שווערע טעג,
ווינען הייס, ביז דול צו ווערן, ווי אין העליש פײַער ברענען,
פאַר איר צאָרן זיך ניט שרעקן, פאָרכט נאָר פילן, אַן א ברעג.

ליבע הייסט די לייד פארטראָגן און די ליבע ניט אנטפּלעקן,
די געהיימעניש פון הארצן קיינעם זאָל באוווּסט ניט זײַן,
זיך ניט קלאָגן, מיט קיין זיפצן דײַנע געליבטע ניט פארפלעקן,
ברענענדיק אין פלאַם פון ליבע, ווי א פרייד, נעם אוף די פּײַן.

דער, וואָס פלאַפלט פון זײַן ליבע, אָט דעם מענטשן ווער ווע̇ט גלייבן?
קיין שום נוץ וועט ער ניט האָבן, וועט נאָר שאטן זיך און איר.
ריידעס קאָנען די געליבטע נאָר פארשעמען, ניט דערהייבן,
צוליב וואָס איז לייד פארשאַפן, פעסט פארשליס פון מויל די טיר.

מיך באווונדערן די מענטשן, וועלכע שפּילן פאלש אין ליבע.
צוליב וואָס ביזויען אָנטון דער, וואָס גייט פון ליבע אויס?
האָסט ניט ליב, איז מעגסטו האסן, נאָר צו וואָס א פרוי באטריבן?
ס'טוען דאָס נאָר שלעכטע מענטשן, וועלכע טוען בייז דורכויס.

אויב דער מענטש, וואָס ליבט, גיסט טרערן, קאָן מען אים פארגעבונג שענקען,
זאָל ער וואנדערן, אליין זײַן, זײַן פון מענטשן אָפּגעשיידט,
אָבער אין צעשיידונג דארף ער קיינעם אויסער איר געדענקען,
ניט באווײַזן גאָר, נאָר וועמען ס'ווערט דאָס הארץ אין אים פארברענט.



## די ערשטע געשיכטע
## וועגן דעם אראבישן קייסער
## ראסטעוואן

ס'איז געווען בא די אראבער ראָסטעוואן א גוטער קייסער,
האָט געהאט וואסאלן, קריגער, און ס'איז גרויס געווען זײַן מאכט,
מילד און קלוג, דערצו באשיידן און א מענטשנפרײַנט א גרויסער,
און א רעדנער א געניטער, און א דרייסטער מאן אין שלאכט.

האָט דער קייסער ניט קיין יורש, נאָר דערפאר א שיינע טאָכטער,
צו דער זון איז זי געגליכן, וועלכע שײַנט אין הימל־שויס.
ווער ס'האָט זי געזען כאָטש איינמאָל, איז געבליבן א פארקאָכטער.
זי צו רימען און באזינגען — שיינע ווערטער פעלן אויס.



טינאַטין האָט זי געהייסן, זעט דעם נאָמען פאַרגעדענקען.
וואַקסט דאָס מיידל, און די זונשייַן פון איר ליכטיקייַט ווערט מאַט.
זייַנע כאַשעווע וואַזירן הייסט צו זיך דער הערשער ברענגען,
און אין פאַלאַץ מיט זיי אַלע אָפּגעהאַלטן האָט א ראַט.

האָט געזאָגט: „איך וויל אייַך פרעגן, גיט אן ענטפער מיר א קלאָרן,
ווען עס נעמט די רויז צו וועלקן, ווען זי האָט שוין אָפּגעבליט,
ווערט אין סאָד א בלום א צווייטע אין דער זעלבער שאָ געבאָרן, —
ס'ווערט פאַרקילט די זון פון לעבן, פון דער נאַכט איך הער שוין טריט.

ס'איז פאַרבייַגעגאַן מייַן לעבן. עלטער איז די קרענק די שווערסטע,
היינט צי מאָרגן וועל איך שטאַרבן, ס'גייט אַזוי פון אייביק אָן,
ס'ווערט די שייַן פון אויג פאַרלאָרן, און דעם רויש פון אָפּגרונט הערסטו,
איר, מייַן זוניק־העלער טאָכטער, וויל איך אָפּגעבן מייַן טראָן".

גיבן ענטפער די וואַזירן: „לאָז זיך, גרויסער הערשער, דינען,
מעג די רויז פאַרטריקנט ווערן, בלייַבט זי דופטיק, וויל און פייַן.
ס'איז קיין צווייטע בלום אַזעלכע לויט איר שיינקייַט ניט געפינען,
די לעוואָנע אויך באַם זינקען העלער איז פון שטערן־שייַן.

זאָלסטו, הערשער, גאָר ניט ריידן. ס'איז די רויז נאָך ווייַט פון וועלקן,
דייַן באַשלוס, ווי שלעכט ער איז ניט, מיט זייַן קלוגשאַפט אונדז באַגליקט.
גרייט מיר זייַנען שטענדיק פאָלגן, וואָס דו וועסט פון הייך אונדז מעלדן,
גיב דייַן הערשאַפט אָפּ דייַן טאָכטער, וואָס די זון זי האָט באַזיגט.

כאָטש א פרוי, נאָר זי וועט הערשן, גאָט אין הימל איז א ריכטער.
אָן כאניפע, קאָן מען זאָגן, איר, נאָר איר די קרוין געהער.
ס'שײַנט דער וועג פון אונדזער מאלקע, ווי דער וועג פון העלע ליכטער,
גלײַך צום לייב איז אויך דאָס קינד זײַנס, צי א זי איז, צי א ער."

אווטאנדיל איז דאָרט געזעסן, ספּאלאסארס א זון א גיבער,
קיפּאריס — זײַן שלאנקער קערפּער, דאָס געזיכט זײַנס, ווי קרישטאָל,
שײַן, ווי זון מיט דער לעוואָנע, נאָר זײַן הארץ גייט אויס פון ליבע
נאָך אָט דער, וואָס אירע ווײַעס שפּיזן ווארפן אלע מאָל.

ער, דער פירער פון די רײַטער, היט אין הארץ די ליבע־ווונדן.
אָן דער זון'די רויז נעמט וועלקן, ווערט זי אָן איר גלי, איר פלאַם.
זון גייט אויף, די רויז נעמט בליִען, ווערט דאָס פײַער אָנגעצונדן.
ווי צו דעם, וואָס ווייסט פון ליבע, וואָס פארזוכט איר זיסן סאַם.

אָפּגעזאָגט זיך פון דער הערשאפט, זיצט דער קייסער שטיל אָן ווערטער,
אווטאנדיל באדאנקט דעם שיקזאל פול מיט טרוימען וועגן גליק:
„כ'וועל איצט אָפטער קאָנען זען מײַן טינאטין מײַן שיינע, קלערט ער,
ס'ווערט מײַן טיפע לייד געלינדערט, מײַן נעשאָמע ווערט דערקוויקט."

אין אראבער־לאנד דעם גרויסן שיקט דער האר די לויפערס זײַנע:
„ס'ווערט מײַן טאָכטער לויט מײַן ווילן אפן טראָן אוועקגעזעצט,
זאָל זי ברענגען גליק די מענטשן, ווי די העלע זון, זאָל שײַנען,
קומט צו גיין פאר איר זיך בוקן, זאָל איר נאָמען זײַן געשעצט."

און עס קומען די אראבער, קריגער — מענגעס אומגעהויער,
אוטאנדיל — דער רײַטער־פירער, און דער גאנצער אדל־קרײַז,
דער וואזיר סאָגראט — דער קלוגער, אונדזער הערשערס אויג און אויער,
און מע טראָגט ארײַן א קרוינשטול, ניט צו אָנרופן זײַן פרײַז.

ס׳קומט דער קייסער מיט דער טאָכטער טינאַטין, און א דערפרייטער
זעצט ארוף זי אפן קרוינשטול, טוט איר אָן די הויכע קרוין.
אין די הענט א סצעפטער גיט ער, און אין מאלכעסדיקע קליידער
טינאטין — א זון א העלע מיט איר גלאנץ פילט אָן דעם רוים.

און דער קייסער מיט די קריגער פאר דער שיינער מאלקע פאלן,
און מע בענטשט זי, און מע ליובט זי, און מע גיט איר קאָוועד אָפּ,
און עס קלינגען זיס די צימבלען, די טרומפייטן הילכיק שאלן,
טינאטין גיסט הייסע טרערן, לאָזט אראָפּ דעם שיינעם קאָפּ.

ניט פארדינט האָב איך, זי טראכט זיך, ניט דעם קאָוועד, ניט די גאָבן.
טרערן רינען אפ די באקן — שטראָמען אפ א רויזן־בייט.
זאָגט דער קייסער: „ס׳ווילט דער פאָטער דורך זײַן קינד באַנײַונג האָבן,
ווען איך גיב דיר ניט די הערשאפט, וואָלט, ווי פלאם, געברענט מײַן לייד.

טינאטין, אומזיסט די טרערן, און וואָס קלאָגסטו, וויינסטו ביטער,
אין דעם לאנד פון די אראבער ביסט א מאלקע. הערש דורכויס,
און זאָל אָפּהיטן דײַן אָרעם ברייט און לענג פון מײַנע גיטער,
ווײַז אין אָנפירונג דײַן קלוגשאפט, און אין אופטועג זײַ גרויס.

סײַ אפּ רויזן, סײַ אפּ מיסטגראָז שיקט די זון איר לעבנס־פײַער,
שענק דײַן גנאָד דעם שטארקן מענטשן און דעם שוואכן אָרעמאַן,
קעגנער הארבע קויפן ניט מילדקײַט, ס׳דאַרף קיין לוין ניט דער געטרײַער,
זײַ־זשע מילדער פונעם צופלוס אין צערוישטן אָקעאַן.

גוטסקײַט — זי באַשײַנט די הערשער, ווי אַלאָע דעם גאַניידן.
מילדקײַט לינדערט רײַסערײַען, פרײַנט און פרײַנטשאַפט זי פאַרמערט.
עפן אויף דײַן הויז פאַר אַלע, ווײַל קאַמצאָנעס ברענגט נאָר ליידן.
דאָס באַהאַלטענע פאַרלירסטו, דאָס צעשענקטע — דיר געהערט!״

און די שיינע קייסערינע הערט דעם פאָטערס וואָרט דאָס גוטע,
הערט מיט אויפמערקזאַמקײַט גרויסער און באַנעמט דעם טיפן זין.
און דער פאָטער טרינקט און פרייט זיך, לידער קלינגען בײַ דער סודע,
ווי די זון, שײַנט טינאַטין, און די זון — ווי טינאַטין.

רופט די מאַלקע איר דערציִער, וועלכער ווייסט די לעבנס־וועגן,
און זי זאָגט אים: „מײַנע אוצרות, וואָס דו האָסט פאַרזיגלט פעסט,
זאָל מען גלײַך אַהער דערלאַנגען, גאָר מײַן קייסערשן פאַרמעגן.״
מ׳האָט געבראַכט זיי און גענומען זיי צו טיילן צווישן געסט.

יעדן האָט געשענקט מאַטאָנעס טינאַטין די זוניק־העלע,
סײַ די אָרעמע, סײַ רײַכע, און צעגעבן גאָר אַסאַך.
און געזאָגט: „איך טו ניט מערער, ווי דער פאָטער האָט באַפעלן,
מײַנע אוצרות כ׳וועל ניט האַלטן אונטער קעלערדיקן דאַך.

אלע קאמערס עפנט גיכער, רײַסט דעם שלאָס פון טיר און טויער!
דו, שטאַלמײַסטער! טרײַב צונויף באַלד אַלע פערד און קי און שאָף!"
אַלץ צעגיט די שײנע מאַלקע, און איר בליק ניט װײסט פון טרויער,
און װי רויבער כאַפּן קריגער די געשאַנקענע אָן אַ סאָף.

װי אַ זאַקרויב, אַלע אויצרעס האָט צענומען גלײַך דער עולם,
בעסטע רײַטער־פערד פון שטאַלן מ'האָט אַרויסגעפירט צו טוץ.
ס'שיט די מאַלקע מיט געשאַנקען, װי מע שיט מיט שנײען־קוילן,
אַלע מאַנצבלען, אַלע פרויען אָנגעזעטיקט מיט איר גוטס.

און געגאַנגען איז דער יאָנטעװ, מ'האָט געגעסן און געטרונקען,
און דעם קײסערס הויף מיט קריגער איז פאַרפולט פון פרי ביז שפּעט.
נאָר דער הערשער איז פאַרטרויערט, זיצט אין טיפן צאַר פאַרזונקען.
„עפּעס איז באַטריבט דער הערשער!" — האָט מען צװישן זיך גערעדט.

אװטאַנדיל — דער רײַטער־פירער איז געזעסן אַ צעשטראַלטער,
װי אַ לײב, װאָס פרײט די בליקן, װי אַ טיגער שלאַנק און פלינק.
נעבן אים — סאָגראַט דער גרויסער, דער װאַזיר דער גרײַזער אַלטער.
זאָגן זײ: „װאָס קלערט דער קײסער און פאַרװאָס אין טרויער זינקט?"

„ס'מאַטערן, װײַזט אויס, דעם הערשער טיפע װײען, שװערע זאָרגן,
כאָטש ניט שולדיק איז דאָ קײנער, ניט קײן הויפמאַן, ניט קײן גאַסט!"
אװטאַנדיל זאָגט: „לאָמיר פרעגן, װאָס ער שװײַגט אַזוי פאַרבאָרגן, —
לאָמיר פּרוּװן זיך אַ שפּאַס טון, אים באַפרײַען פון זײַן לאַסט".

הייבט זיך אופ סאָגראַט דער אַלטער און מיט אים דער שלאנקער גיבער,
פילן אָן מיט ווײַן די בעכערס, גייען פונעמ אָרט ארויס.
ביידע קניען, ביידע שמייכלען, און דער קייסער קוקט א טריבער,
און סאָגראַט האָט אָנגעהויבן, און זײַן וואָרט — ווי קוואַל־געריש.

„איך פאַרשטיי, מײַן האַר, דײַן שווײַגן, כ׳ווייס א טיפע פײַן דיך פענטעט,
ס׳האָט דײַן פאָכטער גאָר דײַן רײַכטומ און דײַן גאַנצע מאַכט צעזייט,
גאָר דאָס גאָלד דאָס אָנגעהויפטע אין איין אויגנבליק צעשוועדעט,
וואָלסט דעמ טראָן איר ניט געגעבן, וואָלסטו דאָך פאַרשפאָרט די לייד“.

ראָסטעוואַן טוט גלײַך א שמייכל: „רייד אַזעלכע אומגעהערטע!“
ס׳האָט אַביסל אימ פאַרדראָסן, נאָר די דרייסטקײַט אימ געפעלט.
און סאָגראַטן אָפגעענטפערט האָט דער הערשער מיט די ווערטער:
„וועגן מײַן קאַמצאָנעס ריידן קאָן ניט קיינער אין דער וועלט.

און דערפאַר בין איך באַצאָרנט, און דערפאַר איך זאָרג זיך ביטער,
וואָס מײַן טאָג זיך נייגט צומ אָפגאַנג, וואָס מײַן עלטער קומט צו גיך,
וואָס קיין יורעש כ׳לאָז ניט איבער און קיין מאַן אין מײַנע גיטער,
וואָס מײַן העלדן־גײַסט זאָל האָבן, מײַן גענייטקײַט נעמען זיך.

כ׳האָב א טאָכטער אויסגעפעסטעט, זי מיט ליבשאַפט אופגעצויגן,
נאָר ס׳האָט גאָט מיר ניט געגעבן אַזא יורעש, ווי איך וויל,
וואָס זאָל קאָנען טרײַבן באָלן, שיסן טרעפלעך פון א בויגן,
און מיט מיר קאָן זיך פאַרמעסטן עפשער איינער אוטאַנדיל“.

אוּוטאַנדיל האָט שטיל פאַרנומען אָט די רייד פון הערשער זײַנעם,
אַף זײַן פּאָנעם אַף זײַן איידלען האָט אַ שמייכל זיך צעהעלט,
ס׳האָבן ציין זײַנע, די פּערל, אַזאַ שײַן געטאָן אַ פּײַנעם.
האָט אַ פרעג געטאָן דער קייסער: „זאָג, וואָס האָסטו זיך צעקוועלט?

זאָג, וואָס האָסט אין מיר געפונען, וואָס ס׳איז ווערט דערפון צו לאַכן?!"
ענטפערט אוּוטאַנדיל: „כ׳וועל זאָגן, אָבער פריִער גיב אַ וואָרט,
אַז דו וועסט מיך פאַר מײַן דרייסטקײַט צו קיין שאַנד און שפּאָט ניט מאַכן,
ניט פאַרורטיילן, ניט שטראָפן, אויב איך וועל דיך טרעפן פּאָרט".

און דער קייסער האָט געענטפערט: „רעד, איך וועל דיך ניט באַשטראָפן".
באַ דער ליבער שײַן געשווירן, באַ דער שיינער טינאַטין.
אוּוטאַנדיל האָט דאַן דערווידערט: „אויב אַזוי, כ׳וועל זאָגן אָפן,
ס׳לוינט זיך ניט מיט ווערטער וואַרפן, זיך באַרימען האָט קיין זין.

קעגן דיר כ׳בין שטויב אוּודע, נאָר איך קאָן פון בויגן שיסן,
איידעס זײַנען דײַנע קריגער, צום געוועט איך גיי אַרויס.
ווערטער קאָנען ניט אַנטשיידן, ס׳קאָנען אונדזער שטרײַט באַשליסן
בלויז די פליִענדיקע באַלן, די געצילטע פײַלן בלויז!"

זאָגט דער קייסער: „דו ביסט מוטיק, און מײַן האַרץ מײַן אַלטס דערפרייט עס,
זאָלן פײַלן אַלץ באַשליסן, דעם געוועט כ׳נעם אָן אַצינד.
און די בעסטע פײַלנוואַרפער זײַנען ריכטער, זײַנען איידעס,
דער געוועט זאָל אונדז באַווײַזן, ווער ס׳האָט ליב און רום פאַרדינט".

אוטאנדיל איז אײַנגעגאַנגען אַף די רייד פון זײַן דערציִער.
ווידער לעבעדיק פארבערענגען אי דער הערשער, אי די געסט,
און די קעגנער אין פארמעסטונג האָבן אָפּגעמאַכט אַפריִער:
„מיט א הוילן קאָפּ זאָל אומגיין דער באַזיגטער דרײַ מעסלעס".

זאָגט דער קייסער: „צוועלעף יעגער נעמ איך מיט זיך אַלס באַגלייטער,
טראָגן און דערלאַנגען פײַלן — מירן גיין אַף א געיעג.
דיך וועט שערמאַדיק באַדינען, ס'איז ניטאָ צו אים קיין צווייטער.
דאָס געווילד זיי וועלן ציילן, וויפל יעדער לייגט אוועק".

און ער הייסט די שיסער: „מאָרגן פרי דעם סטעפּ ארומצוריִזן,
די טאַבונען אויסצושפּירן, נעמען זיי אין פעסטער קייט".
און די קריגער זײַנע הייסט ער: „יעדער באַם געווער דאַרף בײַזײַן!
ס'איז פארענדיקט שוין די סודע, ס'שטייט אונדז פאָר אַן אַנדער פרייד".

אין א פּורפּור־קלייד א העלן אוטאנדיל איז אין באַגינען
צו דעם פּאַלאַץ צוגעפאָרן, ווי א ליליע, הויך און שלאַנק,
ווי קרישטאָל, עס שײַנט זײַן פּאָנעם, זײַנע ליפּן — ווי רובינען,
און דאָס פערד, ווי שניי ווי ווײַסער, וואָס אַף בערג אַף הויכע בלאַנקט.

אויסגעפּוצט איז אויך דער קייסער אַף זײַן פערד ארויסגעריטן.
האָט צעשיקט אין סטעפּ די יעגער. דער געוועט האָט זיך צעשפּילט.
זײַנע יעגער זיך צעפאָרן, א געשריי די לופט געשניטן,
און געפלויגן זײַנע פײַלן נאָך פלינקפיסיקן געווילד.

און דער הערשער האָט באַפוילן: „דעם געוועט גייט נאָכצושפּירן,
גיט אַ בויגן מיר אַ שטײַפן און דערלאַנגט מיר פּײַלן שנעל.
די געטריַסטע כײַעס צײַלן, אַ געניִיעם כעזשבן פירן".
און געיאָגט האָבן טאַבונען איבער אַלע עקן פעלד.

איבער סטעפּעס, איבער לאָנקעס זײַנען טשערעדעס געלאָפן,
זעברעס, אייזלען, אינדן, הירשן, פלינקע ציגן אָן אַ ענד.
און דער קייסער מיטן גיבער האָבן אין געווילד געטראָפן,
ביז געערוט האָט פײַל און בויגן אין די אָנגעשטרענגטע הענט.

ס'האָבן פערד אַ שטויב געהויבן און פאַרשטעלט די זון די העלע,
ס'איז מיט בלוט פאַרפלעקט געוואָרן דאָס צעקנייטשטע ווילדע גראָז,
באַר דערלאַנגט האָבן די דינער נײַע פײַלן, שטײַפע, שנעלע,
און געפאַלן זײַנען כײַעס פון דעם טרעפנדיקן שאָס.

און געיאָגט האָבן די רײַטער און די טשערעדעס געטריבן,
גאָטס־באַשעפעניש, די כײַעס, אָנראַכמאָנעסדיק געטייט.
און געריִמט מ'האָט אוּוטאַנדילן, דעם געוואַגטן און דעם ליבן:
„ער איז ווי דער בוים אַלאָע, וועלכער אין גאַניידן שטייט".

לאַנג שוין דורך דעם סטעפּ דעם ברייטן מע וואָלט ווײַטער זיך נאָך יאָגן,
אָבער ס'האָט אַ טײַך געפלאָסן, צווישן פעלדזנבריוך געקוועלט.
ווי אַ וואַנט, אַ וואַלד געשטאַנען, זיך אַהין ניט דורכצושלאָגן,
און די מידע קעגנער האָבן דעם געיעג־לויף אָפּגעשטעלט.

„איך שיס בעסער", — זאָגט דאַן איינער. „ניין, איך בעסער", — זאָגט דער צווייטער.
מ׳האָט געשפּאַסט און זיך געוויצלט, פאַרנדיק אַזוי באַנאַנד.
האָט דער קייסער צוגערופן זיינע דינער, די באַגלייטער:
„זאָגט אַן כניפע, ווער צילט בעסער, וועמעס אויג און וועמעס האַנט?"

און דערוווידערט האָבן דינער: „פאַרן עמעס זאָלסט ניט שטראָפן,
דיין דערצויגלינג דער באַליבטער האָט באַזיגט דיך אין דער שפּיל.
מעגסט אונדז טייטן, נאָר דעם עמעס וועלן מיר דיר זאָגן אָפן:
יעדע כיַע איז געפאַלן, ווען געצילט האָט אוטאַנדיל.

צוגעציילט די טויטע כיַעס, פינקטלעך צוואַנציק מאָל צו הונדערט,
אוטאַנדיל האָט דאָך געטראָפן אָפט צוויי פולע צענדליק מער.
יעדע פייל זיינע באַזונדער האָט אַ כיַע טויט־פאַרוווּנדעט,
אָבער פיל פון דיינע פיילן אופגעהויבן פון דער ערד".

ווי ער וואָלט אין שאָך געווונען, ווי פון אַ דערפאָלג אַ שיינעם,
איז דער קייסער שטאַרק צופרידן — זיין דערצויגלינג איז אַ העלד.
צו אַ סאָלאָוויי געגליכן, וואָס באַזינגט די רויז די ריינע,
ליובט דער קייסער זיין באַזיגער, און זיין האַרץ פון פריידן קוועלט.

פון די פערד אראָפּגעשטיגן, צוגעלענט זיך אינעם שאָטן,
קומען זיך צונויף די קריגער, ווי די גראָזן אָפן סטעפּ,
און די צוועלף געניטע יעגער, אַלע מוטיק, שיין געראָטן,
הערן, ווי דער טײַך אין פעלדזן האָט זיין רויש־געזאַנג געוועבט.



### די געשיכטע וועגן דעם,
### ווי אזוי דער אראבישער קייסער האָט דערזען
### דעם גיבור אין דער טיגער-פעל

פלוצעמ זעט מענ: ס'זיצט א גיבער בא דעמ טײַכ, אנ אומבאקאנטער,
צו א לײב געגליכנ, האלט ער פאר דער צוימ א שווארצנ פערד.
פערל בלאנקענ אפ זײַנ וואָפנ, אונ פונ פערל בלענדט דער פאנצער,
טרערנ רינענ אפ די באקנ, ס'איז מיט טוי א רויז באטרערט.

ס'הילט א טיגער־פעל די אקסלענ, אונ זי שײַנט מיט גאָלד קאָלירטנ,
אונ פונ טיגער־פעל א היטל אפ זײַנ קאָפּ איז אָנגערוקט,
אונ ער האלט א בײַטש א פעסטע פאר דעמ הענטל דעמ באצירטנ.
אפ דעמ שיינעמ אומבאקאנטנ האָט דער קייסער זיכ פארקוקט.

אונ א רופ צו טונ דעמ גיבּער שיקט דער קייסער באַלד זײַנ דינער,
נאָר דער פּרעמדער זיצט געבּויגנ, אונ ער וויינט אלצ אָנ אנ עק.
פונ די אויגנ — די אגאטנ טרערנ, ווי קרישטאָלנ, רײנער,
איז דער דינער שטומ געבּליבּנ, איז ארומגעכאפּט מיט שרעק.

ס׳קלאפּט דאָס הארצ, עס פעלנ ווערטער, ווי די צונג וואָלט אָפּגענומענ.
איבּעראשט פונ גרויסער שיינקײַט, האָט ער זיכ אנטשלאָסנ קוימ,
שטיל געזאָגט: „דער קייסער רופט אײַכ...״ אונ ניטדערייסט איז צוגעקומענ,
נאָר געשוויגנ האָט דער פרעמדער, טיפ־פארזונקענ אינ זײַנ טרוימ.

אונ עס שטערט אימ ניט דער טומל פונעמ קייסערישנ כאַיל,
אונ ער הערט אויכ ניט דעמ דינערס שטילע ציטערדיקע שטימ.
קרעכצנ שטײַגנ פונ זײַנ הארצנ, ווי עס וואָלט געבּרענט אינ פײַער,
אונ מיט בּלוט געמישטע טרערנ פונ די אויגנ רינענ אימ.

זייער ווײַט אינ זײַנע טרוימענ האָט דער גיבּער זיכ געטראָגנ,
ניט־אנטשיידנ האָט דער דינער אימ בּאנײַס א רופ געטאָנ.
נאָר דער טרויעריקער פרעמדער האָט ניט אופגעהערט צו קלאָגנ,
אונ געשוויגנ האָבּנ ליפּנ — א געשלאָסענער בּוטאָנ.

אונ דער קנעכט האָט אומגעקערט זיכ, ניט דערוואַרט זיכ אפ קיינ ענטפער.
אונ געזאָגט: „עס איז דער גיבּער ניט גענויגט צו זענ דעמ האר.
קליינ אונ נישטיק כ׳בּינ געוואָרנ, פונ זײַנ העלקײַט א פארבּלענדטער,
כ׳האָבּ ניט אויסגעפילט דײַנ שליכעס, ניט בּאשטראָפ מיכ הארבּ דערפאר״.

ראָסטעוואַן איז בײז געוואָרן, ווי באַדעקט וואָלט אים א וואָלקן,
און די צוועלף געטרײַע דינער האָט ער דאַן באַפוילן שטרענג:
„נעמט געווער און אײַלט צוזאַמען די באַפעלן מײַנע פאָלגן,
לערנט סײכל אים, דעם פרעמדן, און צו מיר אים טײקעף ברענגט".

האָבן דינער זיך געלאָזן. און דערהערט די וואָפן־קלאַנגען,
אופגעציטערט האָט דער גיבער און האָט הײסער נאָך געקלאָגט,
האָט דערזען אין וואַלד די קריגער, שאַרפע שווערדן, שפּיזן בלאַנקען,
האָט א קרעכץ געטאָן: „אוי, ווײ מיר!" — און קײן וואָרט מער ניט געזאָגט.

אָפּגעווישט האָט ער די טרערן פון די בענקענדיקע אויגן,
האָט פאַריכט דעם טאַש מיט פײַלן, צוגעגאַרטלט פעסט דעם שווערד,
אָפן פערד אַרופגעשפּרונגען און אין וועג אַוועקגעפלויגן.
ס'האָבן קנעכט אומזיסט גערופן — ס'האָט דער העלד זײ ניט געהערט.

האָבן זיך די קנעכט גענומען נאָכן פרעמדן גיבער יאָגן.
ס'וואָלט קײן פײַנט זיך ניט געווונטשן, וואָס ער האָט געטאָן מיט זײ.
אָפּ דער ערד זײ אומגעוואָרפן, קאָפּ צו קאָפּ ביז טויט געשלאָגן,
און דער פּאָך פון בײַטש פון שווערער מאַכט פון יעדן אײנעם צווײ.

ס'איז דער קײסער בײז געוואָרן, האָט געטריבן נײַע רײַטער.
יאָגן רײַטער נאָכן גיבער, און דער גיבער יאָגט פאָרויס.
ווער ס'דעריאָגט אים — יענעם טײט ער, פונעם פערד אַראָפּגעשלײַדערט,
אײנעם וואַרפט ער אָפן צווײטן; און דעם קײסערס צאַר איז גרויס.

און באַנאַנד מיט אוּוטאַנדילן האָט זיך דאַן געלאָזט דער קייסער.
נאָר דער פרעמדער יאָגט אַלץ ווײַטער, ווי זיי טראָגן זיך ניט שנעל.
ס'וויגט דער גיבער זיך אין זאָטל, און עס פליט זײַן פערד זײַן הייסער,
און עס שײַנט זײַן ליכטיק פּאָנעם, ווי אַ בליץ, זײַן בליק איז העל.

ס'האָט דער העלד דערקענט דעם קייסער, האָט באַמערקט דעם קייסערס צאָרן,
האָט זײַן פערד אַ שמיץ געגעבן — און ווי קיינמאָל ניט געווען,
ווי אין הימל־הייך פאַרפלויגן, צי אין אָפּגרונט ניט געוואָרן.
מ'האָט אומזיסט געזוכט די שפּורן, מ'האָט קיין שפּורן ניט געזען.

ס'האָבן לאַנג אין סטעפּ די קריגער אים געזוכט — ער איז פאַרשוווּנדן,
אַ ניט־גוטער קאָן פאַרזינקען אָט אַזוי אין אונטערערד.
ס'האָט דאָס פאָלק באַוויינט די טויטע, ריין געוואַשן אַלע וווּנדן.
זאָגט דער קייסער: „ס'האָט ניט אַנדערש, גאָט פון אונדז זיך אָפּגעקערט.

מיט יעסורים האָט פאַרסאַמט מיר גאָר די זיסקײַט פון מײַן לעבן,
פרייד אַף טרויער אומגעביטן און פאַרוואָרטיילט מיך אַף פּײַן.
ס'איז מײַן האַרץ אַף טויט פאַרווונדעט, ווער וועט היילונג קאָנען געבן.
נאָר גאָטס ווילן איז גערעכטיק, זאָל געלויבט זײַן גרויסקײַט זײַן".

און אַהיים באַשלאָסן פאָרן, האָט דער קייסער באַלד באַפוילן
אָפּצושאַפן סײַ די סודע, סײַ די שפּיל און דעם געפעכט.
און אַליין געלאָזט זיך פאָרנט, און נאָך אים דער גאַנצער אוילעם.
איינע מורמלען: „וואָס געשעט דאָ?", איינע: „ס'איז דער האַר גערעכט".

און דער קייסער, א פארזאָרגטער, האָט אין פּאַלאַץ זיך פאַרשלאָסן,
ווי א זון ווי א געליבטער, האָט באגלייט אים אווטאנדיל.
און דערזעען זיין טרויער, האָבן אַלע שטובלייט אים געלאָזן,
האַרף און צימבל איז אנשוויגן, אַלץ ארום געבליבן שטיל.

די יעדיע וועגן אומגליק האָט דערגרייכט צו טינאטינען,
איז זי גלייך א זוניק־העלע צוגעקומען צו דער טיר.
„שלאָפט דער קייסער, אָדער וואכט ער?"—האָט געפרעגט באם קאמערדינער,
און געענטפערט האָט איר יענער: „ער איז אופגערעגט אָן שיר.

קיינעם אויסער אווטאנדילן האָט ער ניט געלאָזן נעבן,
ס'האָט א ווונדערלעכער גיבער אָט דעם צאר אין אים דערוועקט".
האָט אים טינאטין באפוילן: „זאָלסט דעם הערשער איבערגעבן,
אז איך בין בא אים געוועזן, נאָר ארייַנגיין ניט דערוועגט".

אפ דער טאָכטער פרעגט דער הערשער, אז ס'איז גרינגער אים געוואָרן:
„ווו איז זי, מיַין קוואל, מיַין קלאָרער, זי, מיַין טרייסט, מיַין ליבע שיַין?"
האָט געענטפערט אים דער דינער: „ס'איז איר שווער צו זען דיַין צאָרן,
זי'ז געוועזן דאָ, אָנגעפרעגט זיך, ניט געוואגט צו דיר אריַין."

ראָסטעוואן האָט דאן באפוילן: „טינאטין צו מיר שיקט רופן,
זי, מיַין טיַערע, מיַין לעבן, זאָל מיך מונטערן אצינד,
זאָל צעווייען מיַינע זאָרגן, ברענגען מיר א גוטע טרופּע,
און פארשטיין, פארוואָס איר פאָטער צו דער שיַין פון טאָג איז בלינד".

אפ דעם פאַטערט רופ געהאָרכזאַם טינאַטינ איז גליַיך געקומענ,
ווי א ליכטיקע לעוואָנע, האָט באַשיַינט דעם צימער העל,
אונ דער הערשער האָט די טאָכטער מיט א קוש אַרומגענומענ,
אונ געזאָגט: „צו מיר אַריַינגייענ האָסטו געמעגט אָנ א באַפעל".

האָט די טאָכטער אָפּגעענטפערט: „אז דיַינ אומרו נעמט דיך טריַיבנ,
איז ניטאָ אזא מינ דרייסטער, וואָס זאָל צאַמענ דיר דעם וועג,
ס'צווינגט דיַינ זאָרג די הימל־ליכטער אינ דער טונקלקיַיט פאַרבליַיבנ,
ווי ס'וועט נאָר די קלאָרקיַיט קומענ, וועט פונ האַרצ די זאָרג אַוועק."

אונ ער ענטפערט: „ליבע טאָכטער, איך בינ זייער שטאַרק צעטראָגנ,
נאָר גענוג דיַינ שטימ דערהערנ, אז פאַרביַי זאָל באַלד מיַינ וויי.
דיַינע בליקנ, ווי די בסאָמימ, היילנ מיַינע גרויסע פּלאָגנ,
ליבע, לייג נאָר צו דיַינ אויער, הער מיך אויס אונ מיך פאַרשטיי.

פונ א קאַנט אַנ אומבאַקאַנטנ כ'האָב דערזענ א יונגנ ריטער,
אונ זיַינ פּאָנעמ האָט געלויכטנ, ווי די זונ אפ גאָר דער ערד,
כ'האָב געשיקט בא אימ צו פרעגנ, וואָס פאַרגיסט ער טרערנ ביטער,
נאָר ער האָט מיר ניט געענטפערט, האָט מיַינ וואָרט ניט אויסגעהערט,

אפנ פערד אַרופ, אַנטלאָפנ, ניט געקוקט גאָר אפ מיַינ צאָרנ.
איך האָב קנעכט געשיקט דעריאָגנ, האָט ער זיי געטויט — אונ גאָר.
ניט באַגריסט מיך, ווי עס פּירט זיך, ווי א טײַוול, ניט געוואָרנ,
אונ איך ווייס ניט ביז אַצינדער, ס'איז א כאָלעמ צי ס'איז וואָר.

גאָט האָט מיר מיט סאַמ פאַרביטערט זײַנע הימלדיקע גאָבנ,
אַלע פריערדיקע פרײדנ קאָנענ מיכ ניט טרײסטנ מער,
אונ װאָס טויג מיר די באַרימטקײַט, אַז איכ קאָנ קײנ רו ניט האָבנ,
װיפל יאָר איכ זאָל נאָכ לעבנ, װעט דאָס לעבנ זײַנ מיר שװער."

זאָגט די טאָכטער: „גרויסער הערשער, מיר באַדאַרפנ זײַנ געדולדיק,
ס'פּאַסט אונדז קײנמאָל ניט צו קלאָגנ אויפנ שיקזאַל אונ אויפ גאָט.
דער, װאָס טוט נאָר גוטס דעמ מענטשנ, קאָנ ניט זײַנ אינ גאַרניט שולדיק,
ס'קאָנ קײנ בײז אונדז ניט פאַרשאַפנ, דער, װאָס איז נאָר לויטער גנאָד.

אויב אַ מענטש איז יענער ריטער, װאָס איז פּלוצעמ ניט געבליבנ,
װעט ער דאָכ זיכ ניט באַהאַלטנ, זיכ געפינענ סײַװיסײַ.
טאָמער אָבער האָט דער טײַװל אַזאַ בײזנ שפּאַס געטריבנ,
איז נאָכװאָס צו טראָגנ לײדנ? נעמ פאַרגעס אונ פרײלעכ זײַ.

דו הער אויס מײַנ אײצע, הערשער. גרויס איז, ריזיק דײַנ מעלוכע,
איבער לענדער, איבער הערשער איז דײַנ טראָנ אװעקגעשטעלט,
לויפער שיק אינ אַלע עקנ, זאָלנ פרעגנ, זאָלנ זוכנ,
צי איז ער אַ מענטש, דער גיבער, צי אַ גײַסט פונ יענער װעלט".

אונ אינגיכנ האָבנ דינער ראָסטעװאַנס באַפעל פאַרנומענ:
„גלײַכ אינ װעג איר זאָלט זיכ גרײטנ, אומגעשראָקנ לאָזט זיכ באַלד,
אונ דעמ גיבערס שפּור געפינט מיר. װו ס'װעט שװער זײַנ צוצוקומענ,
זאָלט איר זיכ דורכ בריװ דערפרעגנ אונ אַנ ענטפער מיר דערהאַלט."

און אוועק זײַנען די לויפֿערס איבער וועגן איבער טריבע,
אומעטום געזוכט דעם גיבער, ס'האָט דער וועג א יאָר געווערט.
אָבער קײנער האָט אינערגעץ ניט געהערט פֿון יענעם גיבער,
און עס האָבן זיך די שליכים טרויעריק אהײם געקערט.

און געמאָלדן: „גרויסער הערשער, דורכגעגאַנגען אַלע לענדער,
אומעטום געזוכט דעם פֿרעמדן, נאָר זיך אויסגעמאַטערט בלויז,
און דעם יונגן העלד, דעם גאַדלען, האָט קײן אײנער ניט געזען דאָרט.
ס'האָט דער וועג אונדז ניט געראָטן, נײַע לויפֿערס שיק ארויס".

זאָגט דער קײסער: „איצט פֿאַרשטײ איך, ס'האָט געזאָגט מײַן טאָכטער עמעס,
ס'איז, ווײַזט אויס, אַלײן דער טײַוול, וואָס באַשטרײַט דעם אויבערהאַר.
ס'האָט געפּרוּווט זיך דער ניטגוטער צו פֿאַרנעמען אין א קלעם אונדז,
מעגן מיר באַנײַס זיך פֿרייען, ס'פּאַסט פֿאַר הערשער ניט קײן צאַר."

האָט געזאָגט און צו פֿאַרטרײַבן אַלע פֿינצטערע געדאַנקען
גלײַך גערופֿן זינגער, שפּילער, אקראָבאַטן אָן א צאָל,
און וואַטראָנעסדיק צעגעבן שײנע ווערטפּולע געשאַנקען, —
ניט געווען פֿון ראָסטעוואַנען איז קײן מילדערער קײנמאָל.

אווטאַנדיל אין הײמיש אָנטון האָט גערוט אַף זײַן געלעגער,
נעבן אים די האַרף, געזונגען און באַרירט די סטרונעס צאַרט.
פּלוצעם איז אַרײַנגעקומען טינאַטינס א קנעכט — א נעגער:
„די, וואָס שלאַנק איז, ווי אַלאָע, — זאָגט ער אים, — אַף דיר איצט וואַרט."

און באַראַשט פֿון דער יעדיִע, אוטאַנדיל איז אופֿגעשטאַנען,
און פֿון אַלע זײַנע קליידער אָנגעטאָן דאָס רײַכסטע קלייד.
מיט דער רויז מיט דער באַליבטער זײַן דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען,
מיט דער שיינהײַט צו פֿאַרברענגען, — קאָן דען גרעסער זײַן די פֿרייד?!

און דער העלד איז דרייסט געגאַנגען, האָט פֿאַרגעסן די יסורים —
וויפֿל טעג און נעכט אין טרערן נאָך דער ליבסטער האָט פֿאַרבראַכט.
טינאַטין ער זעט: די בליקן — ווי די בליצן אין אַ שטורעם,
און זי שײַנט, אַז די לעוואָנע זעט אויס פֿינצטער, ווי די נאַכט.

הערמעלין האָט אירע אַקסלען האַלב באַדעקט און האַלב באַוויזן,
צוגעדעקט דאָס צאַרטע פּאָנעם האָט אַ דורכזיכטיק געוועב,
און די שאַרף פֿון אירע וויִעס אין זײַן האַרצן, ווי די שפּיזן,
אָפּן ווײַסן האַלדז געלאָפֿן זײַנען לאַנגע שוואַרצע צעפּ.

טריב האָט אויסגעזען די מאַלקע אונטער פּורפּור־דעק דער דינער,
נאָר דערזען פֿאַר זיך דעם ריטער, אים געשענקט אַ צאַרטן בליק.
שווײַגנדיק האָט אוטאַנדילן צוגערוקט אַ שטול דער דינער,
נאָר דער העלד איז שטיין געבליבן, איבערפֿולט דאָס האַרץ מיט גליק.

און ער זאָגט: „מיר פֿעלן ווערטער אויסצודריקן מײַנע פֿריידן,
ס'ווערט פֿאַרטונקלט די לעוואָנע, ווען עס גייט די זון אַרויס,
ס'פּלאָנטען מיר זיך די געדאַנקען, כ'בין פֿאַרלאָרן, כ'קאָן ניט ריידן,
אָבער זאָג, מיט וועלכע מיטלען הייל איך איצט דײַן טרויער אויס?“

און געוועז איז פארן גיבער אירע ווערטער זיס צו הערן:
„כאָטש מיר לעבן אָפגעשיידטע, נאָר איך ווייס, דו האָסט מיך ליב,
איז ניט וווּנדער זיך דעריבער, כ'וועל מײַן סאָד פאר דיר דערקלערן,
זאָגן דיר, אוועלכע פלאָגן מאכן מיר דאָס לעבן טריב.

דו געדענקסט, ווי מיטן הערשער אין געיעג האָסטו געטריבן
און דערזען דעם פרעמדן גיבער, וואָס געזעסן איז פארקלערט?
כ'בין פון דעמלט אָן ניט רויִק, ס'האָט זיך פּײַן אין הארץ פארקליבן,
יענעם העלד דו מוזט געפינען אפן הימל צי אפ דר'ערד.

דײַן געפיל דו האלטסט פארבאָרגן, נאָר די ליבע דארף קיין ווערטער,
כ'ווייס: מײַן אָנבליק אין דײַן הארצן איז פארקריצט מיט טיפע שניט,
כ'ווייס, עס האָט א טרערן־האָגל אין פארצווייפלונג אָפּט פארצערט דיך,
איך האָב דײַן געדאנק געפאנגען, און דײַן הארץ פון ליבע גליט.

ביסט א העלד, וואָס צווישן מענטשן איז קיין גלײַכן ניט געפינען,
און דערצו א טרײַער ריטער — ס'איז קיין סאָפעק ניט דערין,
איז דײַן כויוו דעריבער דאָפּלט דער געליבטער דײַנער דינען.
פיל־זשע אויס איצט מײַן באקאָשע און דעם גיבערס שפּור געפין.

ווערסט מיר טײַערער נאָך ווערן, ווען דו ווערסט מײַן פּײַן פארשטויסן,
נאָר געפין מיר יענעם בייזן, וועלכער דינט דעם טײַוול בלויז.
שענק מיר האָפענונג־פּיאַלקעס, אונטער טריט צעשיט מיר רויזן,
קעגן דיר — דעם לייב דעם דרייסטן — ווי די זון, וועל איך ארויס.

דריַ יאָר זוכן זאָלסטו, ליבער, און די זאַך זאָל דיר געראָטן,
ס'וועט דער טאָג פון דײַן צוריקקער זײַן א טאָג פון לויטער שײַן.
אויב דו ווערסט אים ניט געפינען, איז דאָך קלאָר, אַז ס'איז א שאָטן.
ווי א רויז ווי א צעבליטע, דײַן געליבטע וועל איך זײַן.

דו ביסט איינער מײַן באשערטער, כ'וועל קיין אנדערן ניט קענען,
מעג אליין די זון אפילו זיך פארשטעלן פאר א מאַן.
א פאריאָגטע פון גאניידן, זאָל פארברענען מיך דער גענעם,
ווי די שארף פון שווערד, דײַן ליבע זאָל אין הארץ מיך טרעפן דאַן."

זאָגט דער גיבער: „זון דו העלע, דײַנע וויַעס שײַן פארשפרייטן.
ווי־זשע קאָן איך אנדערש דענקען, ווער האָט מיר געגעבן רעכט?
כ'האָב געוואַרט אַף טויט, דו שענקסט מיר גליק און האָפענונג און פריידן,
איז דערלויב־זשע מיר אַף שטענדיק בלײַבן דײַן געטרײַער קנעכט".

און ער זאָגט: „מיט דײַנע שטראַלן דו באפרוכפערסט ערדן ווילדע,
צייכנסט אָן דעם גאנג פון ליכטער אינעם בלויען הימלשויס.
בין איך ווערט ד  אָט די גאָבן, וואָס עס שענקט דײַן האנט די מילדע?
אינעם גנאָד פון דײַנע שטראַלן איך צעבלי זיך, ווי א רויז".

און עס האָבן ווידער הערצער [illegible]הײַט אייביקע געשוואָרן,
און אין ליבלעכע געשפרעכן ג[illegible]עלאָפן איז די צײַט.
ס'איז דער יאָך פון זאָרג און טרויער אוועקאנדילן גרינג געוואָרן,
און געלויכטן האָט זײַן שמייכל, ווי די בליצן אין דער ווײַט.



לאנג פארבראכט האָבן צוזאמענ אווטאנדיל מיט טינאטינען,
אונ רוסינ האָט מיט אגאטנ זיך געטראָפנ זאלבענאנד.
זאָגט ער: „ס'איז געננג צו זען דיך, אז מע זאָל אראָפ פונ זינען,
האָסט א פײַער אָנגעצונדנ, ברענט מײַנ הארצ אינ פײַער־בראנד“.

ס'איז שוינ צײַט געווענ אוועקגיינ, נאָר ווי שווער איז זיך צעשיידנ.
גייט דער העלד, נאָר זײַנע אויגנ קוקנ אלצ אפ איר געזיכט.
טרערנ ברענענ אימ די באקנ, אינ זײַנ ברוסט — די שפיז פונ ליידנ,
אונ אינ הארצ מיט הארצ פארקנאסטנ — ליבע ברענט, ווי העכסטער פליכט.

„זונ, — האָט ער געמורמלט, — ווידער קומט די שאָ פונ דער צעשיידונג,
מײַנ רובינ וועט טונקל ווערנ, געלער ווערנ פונ בורשטינ,
טרערנ וועל איך, ליבע, גיסנ, זײַנ אָנ דיר וועט זײַנ א ווייטעק,
נאָר דאָס לעבנ פאר דיר שענקענ, ווי א ריטער גרייט איך בינ.“

אינדערהיימ אפנ געלעגער האָט ניט אופגעהערט צו וויינענ,
ווי א טאָפּאָל, זיך געטריסלט אונ קיינ אויג ניט צוגעמאכט,
אונ אינ דרעמל אפ א ווײַלע אלצ געזענ די זונ די שיינע,
צוואנציקפאכיק אויסגעוואקסנ איז זײַנ פײַנ אינ יענער נאכט.

ס'האָט דאָס הארצ געברענט אינ פײַער, אונ די רו האָט ער פארלאָרנ,
טרערנ האָבנ זיך געקײַקלט, פערל ריינע אָנ אנ עק,
אונ גאנצפרי אינ בעסטע קליידער אפנ פערד ארויסגעפאָרנ
זיך געזעגנענ מיטנ קייסער, זיך אוועקלאָזנ אינ וועג.

און ער שיקט צו ראָסטעוואנעס דעם עדזשיב[1] א'ן הייסט אים זאָגן:
„הערשער, ס'איז פון לאנג באוווּסט שוין, ס'רעדן לאנדסלײַט אומעטום,
אז דײַן שווערד, וואָס שטראָפט פארעטער, האָט דיר קאנטן פיל געקראָגן.
איבער אלע גרענעץ־לענדער כ'וויל צעטראָגן איצט דײַן רום.

איך וויל גיין אין ווײַטע קאנטן, אלע סאָנים דאָרט באזיגן,
טינאטין דער מאלקעס נאָמען וועל איך מאכן ברייט בארימט.
די, וואָס פאָלגן ניט, כ'וועל צוימען, די געטרײַע כ'וועל באגליקן,
און געשאנקען און יעדיעס וועל איך שיקן דיר געשווינד".

און באפוילן האָט דער הערשער אווטאנדילן צו באדאנקען:
„ס'פּאסט דעם לייב אזא געראנגל, און ס'איז מעכטיק דײַן געווער.
ס'זײַנען דרייסט די טרוימען דײַנע און ניט קארגער די געשאנקען.
פאָר, מײַן טרײַער, לאנג צו וואַרטן, ווייס, וועט זײַן מיר זייער שווער".

איז ארײַן אין זאל דער גיבער, זיך פארנויגט זײַן האר דעם הויכן:
„דײַנע ליבערייד כ'האָב פארנומען, כ'בין ניט ווערט אזא מין פרײַז.
זאָל מיר גאָט דעם וועג דעם שווערן מיט דער שײַן פון רום באלויכטן,
אז כ'זאָל קאָנען נאָך מײַן וואנדער זען דאָס פּאָנעם דײַנס באנײַס."

ווי א זון מיט ליבן פאָטער, האָבן זיי צעקושט זיך ביידע,
ס'איז אזעלכע צוויי געוואגטע ניט פאראן אף גאָר דער וועלט.
אווטאנדיל האָט זיך געזעגנט, פונעם זאל ארויס אנטשיידן,
ס'האָט א טרער געלאָזט דער הערשער, שטיל באלייטנדיק דעם העלד.

1 א קאמערהער.

און דער העלד, דער דרייסטער רײַטער, צוואנציק טעג איז שנעל געפֿאָרן,
ניט גערוט און ניט געשלאָפֿן ניט באטאָג און ניט באנאכט,
ער — דער אָנלעב פֿון דער הערשאפֿט און די טרייסט פֿון לאנד פֿון גאָרן,
וועגן טינאטין דער שײנער האָט די גאנצע צײַט געטראכט.

און צולעצט דערזען די גרענעצן פֿון זײַן היימלאנד פֿון זײַן ליבן,
און ארויס זײַנען אנטקעגן די וואסאלן מיט געשאנק.
נאָר געפֿײַלט האָט זיך דער גיבער, ס׳האָט זײַן שליכעס אים געטריבן,
און פֿון סודעס און פֿארוויילונג אָפּגעזאָגט זיך מיט א דאנק.

נאָר אין שײנעם שלאָס אין זײַנעם, וועלכער הייבט זיך, ווי א פֿעסטונג,
הינטער פֿעלדזן, הינטער שטיינער, אָפּגעצאמט און אָפּגעהיט,
האָט אין יאגד פֿארבראכט דער גיבער, האָט פֿארווײַלט זיך דרײַ מעסלעסן,
און גערופֿן שערמאדינען, וואָס אין לעבן איז געניט.

דאָס איז ער זײַן קינדהײַט־כאווער, אים פֿארטרויט ער אלע סודעס,
גרייט איז ער דאָס לעבן שענקען פֿאר זײַן האר צו יעדער צײַט.
האָט דער גיבער אים דעם צוזאָג פֿונעם מיידל אויך פֿארטרויט איצט
און דערציילט אים, אז א פֿײַער ברענט אין הארץ זײַנס און ער לײַדט:

„שערמאדין, ס׳איז מיר א בושע, נאָר איך מוז עס דיר דערקלערן,
צווישן אונדז איז אלע יאָרן ניט געווען קיין סודעס, ווייסט,
אָבער איינס האָב איך באהאלטן, — וויפֿל כ׳האָב פֿארגאָסן טרערן,
איצט איז אויס צו מײַנע ליידן, זי האָט מיר געשענקט א טרייסט.

טינאטין כ'האָב ליב געקראָגן, און געווען איז לייד און ווײ מיר,
מײַנע קאַלטע רויזן־בליטן האָט גענעצט א טרערנקוואל,
כ'האָב געליטן טיפע ליידן, פּײַן און מאטערניש געהיימע,
איצט די האָפענונג באשײַנט מיך און באלויכט מיך מיט איר שטראל.

ס'האָט געזאָגט די זוניק־העלע: „גיי אין וועג ארײַן אנטשיידן,
זוך מיר אויס דעם פרעמדן גיבער און דערוויס זיך אלץ גענוי.
כ'וועל קיין אנדער מאן ניט נעמען, מעג ער וואקסן אין גאניידן“.
מיט באלזאם האָט מײַנע וווּנדן אויסגעהיילט די שיינע פרוי.

כ'בין א ריטער, און מײַן הערשער וועל איך דינען א געטרײַער.
ס'איז דער ערשטער פליכט פון דינער זײַן געהאָרכזאם צו זײַן האר.
ס'האָט די שיינע צוגעלאָשן פון מײַן הארץ דאָס העליש פײַער,
איז קיין סוינע מיר ניט שרעקלעך און ניט שרעקלעך קיין געפאר.

אין מײַן הויף ביסטו דאָ איינער מיר דער נאָענטער און ליבער,
ווי א פרײַנט ווי א געטרײַער, איינס וויל איך דיך בעטן בלויז,
זײַן דער הערשער פון מײַן געגנט און דער פירער פון די קריגער.
דיר אליין קאָן איך פארטרויען אי מײַן כאיל, אי מײַן הויז.

איבער קריגער, איבער הארן, וועסטו דאָ אלס עלטסטער בלײַבן,
האלט פארבינדונג מיטן הערשער און דעם מיילעך זײַ געטרײַ,
שיק אים טײַערע געשאנקען, זאָלסט פאר מיר אים בריוולעך שרײַבן,
און ווי איך, צו אונטערטאנען צוגעלאָזט און מוטיק זײַ.


1373—5

אונ ווי איכ, אינ די געיעגנ אונ אינ שלאכטנ ווייס קיינ ציטער,
ווארט דרײַ יאָר, פאַרטרוי ניט קיינעם אונדזער סאָד, כוצ זיכ אַליינ.
איכ וועל קומענ, אויב דעמ בוימ וועט ניט צעברעכנ דער געוויטער.
וועל איכ צו דער צײַט ניט קומענ, מיכ באַדויער אונ באַוויינ.

אונ אינ ליידנ אונ יעסורימ גיב דעמ קייסער דעמלט איבער,
זאָג אימ אָנ, אַז פאַר מײַנ אומקומ כ'האָב זײַנ פאָנעמ זענ געוואָלט,
אַז מיט מיר האָט, ווי מיט יעדנ, זיכ געטראָפנ דאָרט א סיבע,
אונ צעשענק די אוצרעס מײַנע, אי דאָס זילבער, אי דאָס גאָלד.

אויכ א טויטנ ניט פאַרגעס מיכ. זאָלסט אָפּ מײַנע וועגנ טרעטנ,
אונ אינ מיר זאָלסט זיכ דערמאַנענ, ווו וועסט געבנ זיכ א ריר.
אינ די טפילעס מיכ געדענקענ, אונ בא גאָט פאַר מיר זאָלסט בעטנ,
אונ דערמאַנענדיק די קינדהײַט, זײַ א טרײַע מוטער מיר".

אונ פאַרוווּנדערט האָט די רעדע אונ צעטומלט שערמאַדינענ,
טוט א גאָס מיט טרערנ — פּערל אונ פאַר ווייטיק זיכ פאַרקרימט:
„אויב דו וועסט מיכ דאָ פאַרלאָזנ, ווו־זשע וועל איכ רו געפינענ,
נאָר צי קאָנ איכ דיכ פאַרהאַלטנ, קוימ דו האָסט אַזוי באַשטימט?

אָנשטאָט דיר איכ זאָל דאָ הערשנ? זײַנ אינ דיר מיט אַלצ געראָטנ?
שווער איז מיר דער אָל פונ הערשאַפט, אונ צי קאָנ איכ דערופ גייג?
ווידער דאָ אַליינ צו בלײַבנ, בעסער זײַנ מיט ערד פאַרשאָטנ.
לאָמיכ גייג מיט דיר צוזאַמענ, לאָז ניט איבער מיכ אַליינ."

אווטאנדיל האָט אים דערווידערט: „זאָלסט מיך פאָלגן, ווי א ברודער,
ווער עס ברענט אין פלאם פון ליבע, דער מוז עלנט זײַן געוויס.
פאר דעם פערל פאר דעם שיינעם פאַדערט זיך א פרײַז א גוטער,
דער פארעטער און דער בייזער קריגן ווערט אין הארץ א שפיז.

כ׳האָב פארטרויט דיר מײַן געהיימניש, דארפסטו זי פארהיטן קאָנען,
אויסער דיר איך האָב ניט קיינעם, וואָס זאָל זײַן די הערשאפט ווערט.
אין פארפעסטיק גוט די גרענעץ און טרײַב אָפּ פון לאנד די סאָנים,
און איך וועל צו אײַך נאָך קערן, אויב עס וועט מיר זײַן באשערט.

ס׳קאָן אן אומגליק סײַ אין איינעם, סײַ אין הונדערטער זיך צילן,
מיט דער הילף פון גאָט — די צאָרעס איינ אליין כ׳קאָן בײַשטיין שנעל.
וועל איך נאָך דרײַ יאָר ניט קומען, זאָלט איר זיך אין טרויער הילן.
וועגן דעם, אז דו בלײַבסט הערשער, וועל איך געבן א באפעל״.



[illegible] בריוו 13 צײַנס [illegible]

אָנגעשריבּנ: „איר, וואסאלנ, וואָס געדענקענ די געבּאָטנ,
איר, דערציִער, אויסגעפּרווטע יעדער אײנער, ווי א פּרײַנט,
איר, וואָס טרײַ באגלייט מײַנ לעבּנ, ווי דעם מענטש באגלייט דער שאָטנ,
קומט צונויפּ זיכ אינ מײַנ פּאלאצ, הערט דאָס וואָרט, וואָס כ'שיק אײַכ הײַנט.

איכ, דער מענטש פונ שטויבּ באשאפנ, אייגנהענטיק כ'האָבּ פארשריבּנ,
ווי מײַנ הערשאפט ווײַטער פירנ אונ רעגירנ ווי ס'געהער,
כ'וואָרפ די שפּילנ, די יאָנטויוודים, וואָגל האָבּ איכ אויסגעקליבּנ,
כ'גיי אוועק, אונ ס'וועט מיכ שפּײַזנ פּײַל אונ בויגנ — מײַנ געווער.

איך פארלאָז דעם הויף פון הערשער, פארגעניגנס מײַנע אלע,
כ'וועל א יאָר אָן אופהער וואָגלען אין דער ווײַט און אין דער פרעמד.
כ'וויל איין זאך בלויז בעטן, מײַנע טײַערע וואסאלן,
היט דאָס לאנד, ס'זאָל אונדזער הערשאפט פון דעם פײַנט ניט זײַן געשענדט.

כ'לאָז דאָ איבער שערמאדינען מײַנע גיטער אָפּצוהיטן.
זעט, איר זאָלט מיך ניט פארגעסן, בלײַב איך לעבעדיק צי טויט.
זאָל ער אלעמען באשיצן, ווי די זון — די רויזנבליטן,
זייען פרידן, מענטשן ריכטן, ווי דעם וואקס ארום א קנויט.

ער, מײַן גוטער פרײַנט און ברודער, וועט אין אלץ מיך דאָ פארבײַטן.
דינט געטרײַ אים, ווי דעם עלטסטן, און מיט ליבע אים באשײַנט.
ווען איר וועט זײַן רוף דערהערן, ווארפט זיך דרייסט אין הייסע שטרײַטן.
ווען איך נאָך דרײַ יאָר ניט קומען, פרײַ באקלאָגט מיך און באוויינט".

און זײַן בריוו האָט ער, ווי-שטענדיק, אויך פארענדיקט שיין, גרויסארטיק:
„בלײַבט געזונט, — ער זאָגט די דינער, — נאָר מײַן פערד איך נעם אין וועג".
האָט געשטארקט זיך אף זײַן טרויער, האָט מיט גאָלד זיך פעסט פארגארטלט,
האָט א רעגע זיך פארהאלטן און פון פאלעץ איז אוועק.

האָט באפוילן: „לאָזט מיך איבער, זאָל מיך קיינער ניט באגלייטן".
און אָן דינער איז געבליבן פארן טונקלען גורל שטיין.
האָט דאָס פערד א קער געגעבן, זיך געלאָזט אין סטעפ פארווייטן,
ווי דער טויט אין טריבן הארצן — טינאטין פארבלײַבט אליין.

האָט פארלאָזט די דינער אלע און געשווינד געלאָזט זיך רײַטן.
ווער וועט קאָנען אים דעריאָגן, און ער פליט אזוי מיט האסט.
ניט געוועזן איז אים אויך שרעקלעך שווערד פון פײַנט אין וועג אין ווײַטן,
נאָר דער אָנדענק פון זײַן ליבער האָט געפרעסט אים, ווי א לאַסט.

פון געיעג זיך קערן הויפלײַט, ווען די זון איז שוין פארגאנגען,
ניט געטראָפן אוטאנדילן, שוין פארלאָזט דעם פאָטערס הויז,
ניט קיין פרייד פון ווידערזען אים, ס'האָט אן אומעט זיי געפאנגען,
אף די פערד ארוף, אים זוכן זיך געלאָזט אין פעלד ארויס.

„שטארקער פירער, דיך פארבײַטן וועט זיך קיינער ניט דערוועגן".
ס'קערן אום זיך פלינקע רײַטער, אויסגעקוקט אין סטעפ, אין טאָל;
ס'איז אומזיסט געוועזן דאָס זוכן — פוסט און ליידיק אלע וועגן.
ווי א טײַך, זיך גיסן טרערן, און מע יאָמערט אף א קאָל.

שערמאדין האָט אלע הויפלײַט אין דעם הויף צונויפגענומען,
האָט צ[illegible]ייקלט די צאוואָע, ס'איז א קוק צו טון א שרעק!
מיט א צ[illegible] האָבן דינער זייער האָרס באפעל פארנומען,
מע צערײַסט אף זיך די קליידער און די ברוסט אין צאר אנטפלעקט...

און געענטפערט שערמאדינען: „אָן דעם האר וואָס טויג דאָס לעבן,
מאכט און רײַכטום דיר געגעבן, איז דער הערשער דאָך גערעכט,
גרייט מיר זײַנען דיך צו פאָלגן, דײַן באפעל זיך אונטערגעבן".
זיך פארנויגט פאר נײַעם הערשער, אנערקענט אלס האר דעם קנעכט.



## כאַריעל דערציילט וועגנ זיכ

„הער־זשע צו, פאַרנעמ געהאָרכזאמ, וואָס איכ וועל פאַר דיר דערציילנ,
אויב איכ וועל נאָר קויעכ האָבנ אויסדריקנ אינ רייד מיינ פּיינ,
כ׳ווייס, אז די, וואָס שאפּט מיר ליידנ, וועט די ווונדנ מיר ניט היילנ,
די, וואָס צווינגט מיכ גיסנ טרערנ אונ אינ טרויער שטענדיק זיינ.

ס׳איז באַוווּסט—מעדינעס זיבנ איז באַמ שטראָמ פונ איינד פאַראַנענ,
זעקס פונ זיי מיט האַנט מיט שווערער פאַרסאַדאַנ באַש[illegible]ט, באַדעקט,
דרייסט אונ מילד אונ רייכ—א הערשער איבער הער[illegible] [illegible]נסגעשטאַנענ,
קראַפט פונ לייב אונ זונ אינ בליקנ—אונ אפּ שכיינ[illegible] [illegible]ט ער שרעק.

אין דער זיבעטער מעדינע טוט מײַן פֿאָטער פֿעסט רעגירן,
סאַרידאַן דער דרײסטער קריגער און דער שטאַרקסטער אין דער שלאַכט.
אָפֿן צי אין שטרײַט געהײמען, װער װאָלט װאַגן אים באַרירן?
אין געיעג פֿאַרליבט, אין שפּילן, האָט ער פֿרײלעכע טעג פֿאַרבראַכט.

און פֿאַרזוכט די לאַסט פֿון הערשאַפֿט, האָט מײַן פֿאָטער מילד באַשלאָסן:
כ'האָב מײַן לאַנד שױן גוט פֿאַרפֿעסטיקט, װידערשפּעניקע געצױמט,
הױך דערהױבן איז מײַן קרױנשטול, און פֿאַראַט איז אױסגעשלאָסן,
און צו פֿאַרסאַדאַנען קומען איז קײן שאַנד ניט און עס לױנט.

און אין הױפּטשטאָט צו דעם הערשער מיט אַ ליפּער שיקט אַ װענדונג:
„דו, דער האַר פֿון לאַנד פֿון אינדן, װעמען ס'שרעקן ניט קײן פֿײַנט,
דײַן אַן אונטערטאַן צו װערן מײַן באַגער עס איז פֿון שטענדיק,
דײַן אַ דינער אַ געטרײַער װיל איך זײַן בײַ דיר פֿון הײַנט".

און דער הערשער דער באַרימטער האָט מיט פֿרײד עס אױפֿגענומען,
און אַזױ האָט ער געענטפֿערט: „כ'זאָג דער אײבערשטן אַ דאַנק,
װאָס אַ הערשער, מײַנס אַ גלײַכן, איז צ[illegible] שלום געקומען.
קום צו מיר, און װי אַ ברודער, װי אַ זו[illegible]נט כ'דערלאַנג".

פֿאַרסאַדאַן האָט דאַן מײַן פֿאָטער מיט זײַן לאַנד געלאָזט פֿאַרװאַלטן,
פֿאַר[illegible]אַן אַמירבאַר געמאַכט אים, פֿאַר אַ ספּאַסאַלאַר דערצו;
אָפּגעזאָגט זיך פֿון זײַן קרױנשטול. האָט ער דאָך די מאַכט פֿאַרהאַלטן—
איז דער פֿירער פֿון דעם כאַיל [illegible]ג[illegible]ליסט אין פֿרײד, אין רו.

און דער מײלעך האָט מײַן פֿאָטער װי אַ גלײַכן זיך גערעכנט:
„ס'איז ניטאָ אַזאַ מין קריגער מיט דעם בױגן, מיט דער שװערד,
די פֿאַרעטער קאָן ער שטראָפֿן, די האַרטנעקיקע צעברעכן,
בײדע זײַנען מיר פֿאַרשײדן, אײנער דאָך דעם צװײטן װערט".

אָבער גאָט דעם גרױסן הערשער האָט קײן קינדער ניט געגעבן,
און געטרױערט האָט ער שטענדיק מיט זײַן כּאַל און אַלײן.
איז אױף מיר זײַן בליק געפֿאַלן: „זײַ מײַן זון, מײַן טרײסט אין לעבן".
האָב איך דען געקאָנט זיך ריכטן, אַז דער סאָף װעט זײַ געװײן?

און דער מײלעך פֿלעג מיך צערטלען, װי אַ קינד אַ ליבס, מיך פֿירן,
װי זײַן יורש, מיך דערצױגן און פֿיל פֿרײדן מיר פֿאַרשאַפֿט.
ס'האָבן זקנים מיך געלערנט, װי אַ הערשער זיך צו פֿירן,
כ'בין געװאַקסן זון־געזיכטיק, װי אַ לײב אין יונגער קראַפֿט.

אָ, אַסמאַט! זאָג איך אַ ליגן — שטעל מיך אָפּ מיט װאָרט מיט שאַרפֿן.
ייִנגלװײַז האָב איך צעבליט זיך, יעדער באַק אַ רױזן־בלאַט,
ס'איז אַ שפּיל פֿאַר מיר געװעזן אױף אַ טיגער זיך צו װאַרפֿן,
און דער קײסער האָט פֿאַרגעסן, אַז ער האָט קײן זון געהאַט.

איצט בין איך שױן בלײך, נאָר דעמלט, נאָך ניט װיסנדיק פֿון לײדן,
בין איך, װי די זון, געװעזן, װי דער קלאָרער טאָג, געשײַנט.
לײַטן פֿלעגן אױף מיר טײַטן: „װי אַ טאָפּאָל פֿון גאַנײדן!"
װאָס איז איצט פֿון דעם געבליבן — נאָר אַ שאָטן בין איך הײַנט!

כ׳בין אַ קינד אַ קלײנס געװען נאָך, װען די מאַלקע האָט געװינען, —
האָט אַ זיפֿץ געטאָן דער ריטער: — „ס׳איז אַ טאָכטער“... און ער פֿאַלט.
האָט אַסמאַט מיט קאַלטער װאַסער אים דערפֿרישט, געבראַכט צום זינען,
זאָגט ער װײַטער: „אומפֿאַרגעסלעך! װי אַ זון, האָט זי געשטראַלט.

ס׳איז אומעגלעך זי באַשרײַבן און איר שײנקײט אויסצודריקן.
און דער מײלעך גיט אַ מאָלצײַט, איז אַף טישן און אַף בענק,
ברענגען הערשער איר מאַטאַנעס, װעלכע אַלעמען אַנטציקן,
און צופֿרידן האָט דער מײלעך אַלע קריגער רײַך באַשענקט.

זינען מיר געװאַקסן בײדע, ניט געװוּסט פֿון צאַר און לײדן.
מיט איר שײנקײט האָט די טאָכטער די באַגינען־שײַן פֿאַרשעמט.
און דער מײלעך מיט דער מאַלקע האָבן גלײַך געקװעלט בײדן.
צײַט שוין אָנרופֿן איר נאָמען, ס׳װערט מײַן האַרץ מיט פֿלאַם פֿאַרברענט“.

טאַריעל פֿאַרמאַכט די אויגן, ס׳װערט דאָס פּנים בלאַס און בלאַסער,
אװטאַנדיל צו אים פֿאַרנױגט זיך, זיפֿצט און װײנט און פֿילט אים מיט.
טאַריעלן ברענגט מען צו זיך מיט דער קװעלנדיקער װאַסער,
און ער זאָגט — ס׳איז קוים צו הערן: „ס׳קומט דער טויט מיט גיכע טריט.

דאַרעדזשאַן־נעסטאַן מע רופֿט זי, די, װאָס איז פֿון אַל[illegible] [illegible]יר ליבער.
זיבן יאָר ערשט אַלט געװעזן, װי דער טאָג שוין ק[illegible] שײן,
מיט דער זון, מיט דער לעװאָנע זיך פֿאַרװעט און [illegible] זײ איבער.
ס׳קאָן נאָר יענער זי פֿאַרגעסן, װעמעס האַרץ איז קיזלשטײן.

און דאָס מיידל וואקסט אלץ אונטער, איכ ווער גרייט צו שטרײַטנ שווערע.
וויל דער מיילעכ אָט דער טאָכטער אָפּטרעטנ זײַנ קרוינ, זײַנ פּלאַצ.
מיר דערלויבט ער צו מײַנ פּאָטער אינ מײַנ היימ זיכ אומצוקערנ.
כ׳האָב געשפּילט אינ באָל גאַנצ קונציק, כ׳טייט א לייב, ווי כ׳שטיק א קאַצ.

און פונ בעזאָאַר א טורעמ הייסט דער מיילעכ אויסצובויענ
פאַר דער טאָכטער, און פונ יאַשמע איר א בעט האָט ער געשענקט,
און א גאָרטנ, ווו פאָנטאַנענ וואַרפנ, שפּריצנ ראָזע טויענ.
און אינ טרוימענ ניטגעשטערטע דאַרעדזשאַנ־נעסטאַנ פאַרבערענגט.

טאָג ווי נאַכט בא איר אינ ווױנונג האָבנ זיכ געדעמפּט געווירצנ.
און נעסטאַנ איז אָט אינ טורעמ, אָט אינ גאָרטנ גיט א העל.
און דאַוואַר, דעמ מיילעכס שוועסטער, די אַלמאָנע, איז א ווירטנ,
און זי נערט זי מיט איר קלוגשאַפט — ס׳איז איר ברודערס א באַפעל.

גאָלדשטאָפ שײנער, צאַרטער סאַמעט נעסטאַנס צימערנ פאַרהילנ.
ווי א פּאַלמע פונ גאַדאָנ, דאַרעדזשאַנ איז הויכ און שלאַנק,
מיט דאַוואַר און מיט צוויי קנעכטנס] פלעג מיט פלײַס אינ ביינדלעכ שפּילנ,
[illegible] אינ בליִונג הויכ געשטיגנ, ווי פונ פרילינג א געשאַנק.

פופצנ יאָר איז מיר געוואָרנ. ס׳האָט דער מיילעכ זיכ צעשיידנ
מיט זײַנ הויזגעזינד זײַנ שיינעמ טעג און נעכט מיר ניט דערלויבט.
זונגעזיכטיק, לייבנקרעפטיק, ווי א טאָפּאָל פונ גאַניידנ,
כ׳בינ געוואָקסנ, אינ געוועטנ האָט מענ מיכ באַשענקט מיט לויב.

פויגלענ, כײַעס פלעג איכ טרעפנ מיט געטרײַע שארפע פײַלנ,
מיט מײַנ שפּיל די שטאָט באַוווּנדערט, ס׳האָט געשעמט מײַנ קלאַפּ אינ באָל.
אָבער שטענדיק אינ געוועטנ, אינ מײַנ זאָרגלאָזנ פאַרווײַלנ
מיט געדאַנק געשמידט צו יענער, וועמעס פּאָנעמ איז קרישטאָל...

אונ מײַנ פאָטער איז געשטאָרבנ, אָנגעזעטיקט שוינ מיט לעבנ,
אונ דער מײלעכ האָט אינ טרויער אָפּגעשאַפט פאַרווײַל אונ שפּיל.
ס׳האָבנ סאָנימ זיכ דערמונטערט, ס׳האָט דער טויט זײ פרײד געגעבנ,
טרײַע דינער פונ דעמ מײלעכ האָבנ זיכ אינ שוואַרצ געהילט.

אַפֿ א יאָר זיכ אָפּגעזונדערט, ניט באַטראָטנ כ׳האָב קײנ שוועלנ,
טאָג אונ נאַכט אַפ גאָט געקלאָגט זיכ, זיכ פאַרגאַנגענ אינ געוויינ.
נאָר עס זײַנענ די וואַזירנ אָנגעקומענ מיט באַפעלנ:
„טאַריעל, מײַנ זונ געליבטער, טרויער ניט אונ וויינ ניט מײנ.

אונדזער גלײַכנ איז געשטאָרבנ, אונ מיר זײַנענ גלײַכ באַצאָרנט,
אמירבאַר דו זײַ פונ איצטער, דו באַקומסט דעמ פאָטערס מאַכט".
איכ זאָל מער קײנ טרערנ גיסנ, האָט דער קײסער מיכ געוואָרנט,
האָט א גרויסנ גוט געשענקט מיר אונ פאַר פעלדהאַר מיכ געמאַכט.

ס׳האָט דער אָנדענק פונ מײַנ פאָטער מיר געברענט אינ האַרצ, ווי פריער,
נאָר דעמ מײלעכס הויפּלײַט האָבנ מיכ אַרויסגעפירט צו ליכט.
אונ פונ הויפ די הערשער אַלע האָבנ מיכ, ווי פרײַנט געטרײַע,
אופגענומענ אונ באַגעגנט אונ געקושט מײַנ בלאַס געזיכט.

מיכ באזעצט אינ קרוינזאל גרויסנ, ווי א זונ, מיכ הייס געצערטלט,
אונ צו מוט מיכ אופגערופנ, אונ דעמ מיילעכס אמט געלויבט.
כ׳וויל דעמ פאָטער ניט פארבײַטנ, כ׳הער ניט אויס די צארטע ווערטער,
נאָר זײַנ טיטול אָנצונעמענ כ׳האָב זיכ סאָפקאָלסאָפ דערלויבט”.



[illegible]
[illegible] דער [illegible] קייסער
[illegible]

אווטאנדיל אין פראכט פון הערשער אפ דער קרוינשטול איז אנטשטאנען,
טאריעל באוויזט זיך נעבן, ווי א צירונג פון דער וועלט,
און א טרייסט פאר מענטשנס אויגן — נאטירט מיט דארעדזשאנען —
גלייך צוויי זונען פונעם הימל האבן לויטער זיך צעהעלט.

און דער הערשער האט באפוילן פאר דער יאנטעוודיקער סודע
שלאכטן אקסן גוט געשטאפטע, שאף און רינדער נאך אזאך.
און די געסט לויט ראנג דערלאנגט מען קייסערשע מאטאנעס גוטע.
קעגן שיין פון ביידע מאלקעס איז לעוואנע־ליכט צו שוואך.

בעכער זײַנענ פונ טאָפּאַזנ, קויסעס—ראָזע אײדלשטײנער,
אונ עס ברענט, ווי רעגנבויגנ, דאָס גינגאָלדענע געפעס.
ווער איז גאָר אימשטאַנד באַזינגענ אָט די כאַסענע די שײנע!
יעדער הארצ פארנעמט אנ אופרופ: „פרײ זיכ, בלײַב אונ ווײ פארגעס".

אונ אינ ברײטנ זאָל זיכ טראָגנ פונ די צימבלענ די געקלאַנגענ,
אונ ווי בערג, זיכ הײבנ הויכע הויפנס גאָלד אונ שטײנער־פראַכט.
פונ די ראָסטעוואַנער קעלערס שטראָמענ, פליסנ ווײַנ־געטראַנקענ,
ס'גײט א גאַנצנ טאָג די סודע אונ ניט שטילט זיכ אויכ באַנאַכט.

אַלע קאַליקעס באַשענקט מענ, אונ די מילדקײַט איז אומענדלעכ,
פערל שיט זיכ, ווי א האָגל, אלדאָס גוטס—קומ, טרינק אונ עס.
אומגעשטערט מע נעמט געשאַנקענ, אונ אינ טאַשנ לײגט מענ רענדלעכ.
טאַריעל דער אונטערפירער האָט געהוליעט דרײַ מעסלעס.

נאָכ א טאָג די סודע דויערט. ראָסטעוואַנ איז זײער פרײלעכ,
צו די געסט ער זאָגט מיט שמײכל: „ווי די זונ, איר לויכט גערעכט.
דו, נעסטאַנ די שײנע מאַלקע, טאַריעל, דו גרויסער מײלעכ,
פונ פאָדקאָוועס אויערינגלעכ שמידט מיר אויס, כ'בינ אײַער קנעכט.

גלײַכ מיט אײַכ, אָ, ווונדער־הערשער, פאַסט אונדז ניט צו זיצנ נעבנ..
אטנ קרוינשטול אפנ שענסטנ טאַריעלנ זעצט אוועק!"
נידעריקער—אווטאַנדילנ מיט זײַנ קאַלע—אָרט געגעבנ.
אונ עס פליסנ די געשאַנקענ אָנ אנ עק אונ אָנ א ברעג.



און די געסט אַלץ קומען, קומען. ראָסטעוואַן באַגעגנט אַלע,
ווי אַ דינער אַ געטרײַער, טראָגט אַלץ צו מיט ברייטער האַנט,
און ער שענקט די פרײַנט מאַטאַנעס, און מיט ליב די זאַלן שאַלן,
און פרידאָן מיט אוטאַנדילן, ווי אַ גלײַכער, זיצט באַנאַנד.

ראָסטעוואַן וואָלט אַלע אויצרעס פון דער וועלט דער פּאָר ניט שוינען.
„מיט זײַן העלדישקײַט דער איידעם פון אַ זון איז ליבער מיר".
יעדן טיילט ער מאַלכעס־קליידער, וויפל סצעפּטערס, וויפל קרוינען!
מיט קיין פּען ניט צו באַשרײַבן, און דערציילן אָן אַ שיר.

האָט ער, ווי עס פּאַסט, דאָס פּאָרל מיט מאַטאָנעס גאָר דערהויבן.
טויזנט שטיינער פון ראָמאַניע, בלענדנדיקע וווּנדער־ווערק.
זיי געגעבן טויזנט פּערל, ווי די אייעלעך פון טויבן,
פערד אַראַבישע אַ טויזנט, פערד מיט זײַטן, ווי די בערג.

איידלשטיינער אַלס מאַטאָנעס האָט געגעבן אויך פרידאָנען,
פערד אַ צענדליק מיט די זאָטלען און מיט טײַערן באַציר.
טאַריעל האָט ראָסטעוואַנען הייס באַדאַנקט פאַר דער מאַטאָנע.
ער איז שיקער ניט געוואָרן, כאָטש געטרונקען אָן אַ שיר.

מ'האָט געהוליעט בּאַ אַ כוידעש. און דער יאָנטעוו איז געראָטן,
און פאַרבראַכט האָבן די הויפלײַט מיט די געסט, ווי בעסטע פרײַנט.
מיט אַ האָגל פון רובינען טאַריעלן מ'האָט באַשאָטן,
און עס האָבן די רובינען, ווי די העלע זון, געשײַנט.

טאריִעל — א רויז א שיינע, אירע בלעטלעך דופט צעשפרייטן,
בעט ראָסטענעם איבערגעבן: „איך וואָלט שטענדיק דאָ פארבראכט.
ס'איז פאר מיר אי פרייד, אי קאָווער, נאָר מיר מוזן זיך צעשיידן,
עס איז אינדיע געפאלן, ס'האָט דער פּײַנט זי ווייסט געמאכט.

דרייסטקייט און געניטקייט דארף מען זאמלען און דעם פּײַנט פארטרײַבן.
גרויס איז אונדזער לייד און טרויער, ביז דאָס לאנד וועט ווערן פרײַ;
כ'דארף אין קריג ארויס וואָס גיכער, כ'טאָר דאָ מערער ניט פארבלײַבן.
גיב אונדז, גאָט, מע זאָל אין פריידן זיך באגעגענען אפסנײַ."

ס'האָט דער צאר געענטפערט: „וואקלונג איז פאר הערשער ניט קיין מײַלע.
טו, וואָס בעסער, גאָר דײַן כאַיל נעם צונויף און גיי געשווינד,
די כאַס...נג צו באשטראָפן. אווטאנדיל מיט דיר וועט אײַלן,
אויסצוראָטן די, וואָס האָבן זיך פארמאָסטן אף דעם אינד."

אווטאנדיל זיך שווערט אין פרײַנטשאפט און אין ליבע טאריִעלן.
יענער בעט אים: „פרײַנט, מײַן ליבער! טינאטינען ניט פארלאָז.
מיט דער ליכטיקער לעוואָנע ניט צעשייד זיך, זון דו העלע".
אווטאנדיל אים ענטפערט: „ווערטער זײַנען איצטער ווירקונגסלאָז.

אויב דו וועסט אליין אוועקגיין, וועסטו נאָכדעם ביטער ריידן:
„צוליב פרויען־ליבע האָט ער דעם פארבאנד פון פרײַנט צעשפּרײט".
כ'וואָלט מײַן בייזן גורל שעלטן, ווען איך זאָל מיט דיר זיך שיידן.
ווער ס'פארלאָזט זײַן פרײַנט אין אומגליק, איז אליין די שטראָפן ווערט".

טאריִעל זאָגט מיט א שמייכל, ס׳גיט א שײַן זײַן ליכטיק פּנעם:
„שייד איך זיך מיט פרײַנט מיט בעסטן, וועט ניט רויק זײַן מײַן זעל.
קום מיט מיר אין וועג אין ווײַטן, מירן ביידע שלאָגן סאָנימ״.
זײַנע קריגער אופצוזאמלען אווטאנדיל גיט א באפעל.

קומען זיך צונויפ די קריגער, אלע דרייסטע, אלע פעסטע;
אכציק טויזנט העלדן — רײַטער גלאַנצן מיט מעטאל פון שילד.
פערד און רײַטער גוט באוואָרנט מיט כאָרעזמער פאנצערס בעסטע.
ראָסטעוואן ווערט באלד באצאָרנט, דער טרומייט דעם אָפשייד שפּילט.

ביז פארטאָג אין הימל שײַנען די לעוואָנע און די שטערן,
און קעדיי זיי צו באמערקן, גיב א הייב דעם קאָפ צום רוימ.
נאָר באגינען די פלאנעטן זיך צעשיידן און ניט ווערן —
ווילסטו זיי באנײַס געפינען, שטײַג אפן ברעג, און זעסט זיי קוים.

דער באשעפער פון די הימלען הערט קיין בעטן, קיין געוויינען,
ביידע ליכטער איצט צעשיידט ער, ווי פלאנעטן — שיידט דער טאָג.
פרוי צו פרוי פאלט צו מיט קושן, ליפן שליסן זיך אינײנעם,
די באגלייטער וויינען ביטער, ס׳ווערט א יאָמער, א געקלאָג.

זאָגט נעסטאן: „אָ, ליבע שוועסטער! בעסער וואָלט איך דיך ניט קאָנען,
איך צעשייד דיך מיט דײַן ליבן, ב׳פאָר אוועק אין ווײַטן קאנט.
ענטפער מיר אפ אלע בריוולעך, זאָלסט אין לײדן מיך דערמאָנען,
ווי די ליכט, מיר וועלן צאנקען, שטרעק מיר אויס פון ווײַט דײַן האנט!״

טינאטינ זאָגט: „זונ מײַנ העלע, ביסט א טרײסט פאר מענטשנ־בליקנ,
װעסט פארומערנ מײַנ לעבנ, אויב פארלאָזנ װעסט מײַנ הויז,
זאָל איכ פאלנ טויט, אָנ אָטעמ, כ׳דארפ קײנ ערדיש פארגעניגנ,
זאָלסט אזויפיל יאָרנ האָבנ, װיפל טרערנ איכ גיס אויס".

צוגעפאלנ אונ געקושט זיכ פאר דער ביטערער צעשײדונג,
ס׳קאָנ ניט אָפרײַסנ די בליקנ טינאטינ פונ דארעדזשאנ.
יענע קוקט אפ איר מיט בענקשאפט אונ ארומגעכאפט מיט װײטעק,—
פונ די לײד א צענטל גיבנ איז קײנ װערטער ניט פאראנ.

ראָסטעװאנ מיט געסט זיכ זעגנט, צו דעמ הימל שיקט ער קלאָגנ.
„װײ צו מיר",— זיפצט ער אָנ אופהער אונ באגלײט זײ מיטנ בליק,
טרערנ פליסנ איבער באקנ, הײסע קװאלנ זידנ, שלאָגנ,
ער איז דול פונ טיפנ טרויער, הײסע גרוסנ שיקט אונ שיקט.

טאריעלנ קושט דער קײסער, האלדזט אונ רוימט אימ אײַנ אינ אויער:
„ס׳איז אומעגלעכ דאָכ צו גלײבנ, אז דו בלײַבסט מיט מיר אָט דאָ,
אָבער װעסטו נאָר אװעקגײנ, צװאנציקפאכיק װערט מײַנ טרויער.
האָסט געבראכט אונדז פרײד פונ לעבנ אונ געבראכט פונ טויט די שאָ".

טאריעל האָט זיכ געזעגנט מיטנ קײסער אונ באגלײטער,
ס׳האָבנ טרערנ זיכ צעגאָסנ אפ די פעלדער, װי א קװאל,
אונ מע שרײַט נאָכ טאריעלנ: „גײ פאָרויס מיט פאָנ צעשפרײטער",
אונ ער ענטפערט זײ אינ טרויער: „איכ בינ אומגליקלעכ, װי סאל.[1]

[1] א העלד פונ אנ אומבאװוסטע אלטע װערק.



גייט דאָס כאַליל־רײ נאָך רייען, וואָגנס איינס דאָס צווייטע שפּאַרן,
פאָרנט פאָרט פרידאָן דער שטאַרקער, טאַריעל און אווטאַנדיל.
אַכציק טויזנט רײַטער בראַווע, וואָס פאַראַכטן די געפאַרן.
ווי איין האַרץ, דרײַ הערצער שלאָגן, אַלע שטרעבן צו איין ציל.

דרײַ כאַדאָשימ זיך געשלאָגן, ניט געווען אַזעלכע העלדן
אויף דער וועלט נאָך. וויפל סאָנים, וויפל פײַנט זיי נעמען אײַן!
און געלאַגערט נאָך די שלאַכטן אויפן סטעפּ אין די געצעלטן,
און ניט מאַסלינקע געטרונקען, נאָר געטרונקען ריינעם ווײַן.



## [illegible]

[illegible]

—

אנ בעסמאנ מיט טאריעלנ האָבנ אלצ דערגרייכט אינ לעבנ,
זיבנ קאנטנ זיי געהערנ, ס'איז קיינ גוים ניטאָ אינ קאנט.
אלצ אומגליקנ פארגעסנ, פונעם קוואל פונ פרייד זיי שעפנ.
ווילסטו ויסקוקנ דאָ פארזוכנ, זיי מיט געטערקעט באקאנט!

—

ווערט די שיינ פונ זונ פארטונקלט פאר דער שיינ פונ כאסנ-קאלע,
אונ די בעסטע זעגנ דערמונטערנס פונ די לידער אונ געזאנג.
נאָר צו אנדערער גרויסנ רעכטער—וי איינ מענטש עס הונט אלע.
אונ די שליסל פונ די אגיצרעס האָבנ הארנ אים דערהאלטנ...

אוטאַנדילן און פרידאָנען האָט מען צוגעגרייט צוויי טראָגן,
און באַנאַנד זיי זיצן ביידע, און מע לויבט זיי אָן אַ ברעג.
ס'איז ניטאָ צו זיי קיין גלײַכן, זייער רום די וועלטן קאָנען,
און די געסט האָבן פאַרנומען מײַסעס פון די אַלטע טעג.

שיין געקליידטע דינער פלינקע שפּײַזן צו דעם טיש דערלאַנגען.
פון דעם מאַלכעסדיקן מאָלצײַט האָט מען יאָרנלאַנג דערציילט.
פון דעם לאַנד, פון אַלע עקן פאַר די געסט מע שיקט געשאַנקען,
פאַר די אָרעמע און קראַנקע אויך באַזונדער אויסגעטיילט.

הויפלײַט רימען אוטאַנדילן און פרידאָנען הילכיק שעצן:
„פרייד פון לעבן אונדז געגעבן!“ — שרײַען אַלע אין איין קאָל.
ווי די הערשער, מע באַדינט זיי, לויט די שיינע טיש־געזעצן,
אויף דעם יאָנטעוו אײַלן, שטראָמען מענטשן כאַשוועע אָן צאָל.

זאָגט דער האַר: „אַסמאַט, מײַן שוועסטער, מיט מײַן וויי האָסטו געוויטיקט,
האָסט געהאָלפן אונדז ווי קיינער, יעדער ווייסט עס איבעראַל.
פון דער קרוין פון אינד אַ כײלעק דיר צו שענקען האַלט איך נייטיק,
גיי, רעגיר דאָרט, זײַ געהאָרכזאַם, דין געטרײַ מיר, מײַן וואַסאַל.

קלײַב זיך אויס אַ מאַן אַ פּײַנעם, בוי אַ מאַלכעסדיקע וווינונג,
און אין גײַסט פון אונדזער ווילן זאָלסטו הערשן יאָרנלאַנג.“
און אַסמאַט האָט טיף פאַרנייגט זיך: „איך באַדאַנק פאַר דער באַלוינונג,
זײַן דײַן שקלאַפן דײַן געטרײַע איז מײַן איינציקער פאַרלאַנג.“

די פארברידערטע דריַ העלדנ מיט די געסט די טעג פארברענגענ,
שפילנ בײַטנ זיכ מיט שפילנ, אלע דריַ — איינ זעל, איינ זינ,
פלינקע פערד אונ ריַיכע פערל מ'האָט געהאלטנ אינ איינ שענקענ,
נאָר ספאספעט אהיימ שוינ איַילט זיכ, זיכ פארבענקט נאָכ טינאטינ.

טאריעל פארשטייט, דאָס בענקט ער נאָכ זײַנ פרוי, נאָכ זײַנ געגארטערע,
זאָגט ער: „כ'זע, דו ביסט אינ הארצנ זייער וויַיט פונ מיר אצינד.
זיבנ פײַנע האָסט געטראָגנ, איצטער טראָגסטו אומ די אכטע,
איז צעשייד זיכ, אונדזער פרײַנטשאפט אויכ דער גוירל ניט פארגינט".

אווטאנדיל האָט אימ געענטפערט: „כ'וועל מײַנ היימ דערזענ אינגיכנ,
נאָר פארלאָזנדיק דײַנ פאלעצ אונ צעשיידט מיט דײַנ באזיצ,
איכ, דער הערשער, בלײַב געטריַ דיר, צו אנ אונטערטאנ געגליכנ,
איכ וועל שטענדיק נאָכ דיר גארנ, ווי צום קוואל א הירש אינ היצ".

טאריעל שיקט ראָסטעוואנענ גאָלד־געשפינטע אויבערמאנטלענ,
קיילימ פונ געשליַפטע שטיינער פונ פארשיידענעמ קאָליר.
„גיי געזונט אונ גיב עס איבער, זאָלסט מײַנ וואָרט אינ טאט פארוואנדלענ".
אווטאנדיל גיט ענטפער: „כ'טרויער, ווי וועל איכ גאָר זײַנ אָנ דיר".

אונ נעסטאנ זײַנ פרוי גיט איבער זײַד פאר קליידער אונ א שלייער,
אזא וווּנדער־שטאָט צו טראָגנ ווער פונ שטערבלעכע איז ווערט?
אונ א דימענט — ווער סע טראָגט אימ, יענעמ פאסט אונ קליידט ער זייער,
מיט זײַנ שײַנ די נאכט די שווארצע צו דעמ העלנ טאָג ער קערט.

אווטאנדיל מיט טאריעלנ האָבנ זיכ צעשיידט אינ טרויער,
ביידע הערצער אינ איינ רעגע האָט פֿארכאַפּט א פֿײַער־פֿלאַם.
אונ געוויינט האָבנ אינדרויסנ אונ דאָס אָפּפאָרנ באדויערט.
אווטאנדיל האָט אויסגערופֿנ: „ס'ווערט פֿאר מיר דאָס לעבנ סאַם“.

אפֿ איינ וועג איז מיט פֿרידאָנענ אווטאנדיל פֿיל טעג געפֿאָרנ,
אונ דערנאָכ דער וועג צעשיידט זיי, יעדער אינ זײַנ ריכטונג גייט.
אויס צו ליידנ אונ צו טרויער, אלדאָס בייז איז ניט געוואָרנ.
אווטאנדיל זיכ קערט אינ פֿרײדנ אונ זײַנ לאנד דערזעט מיט פֿרייד.

איז ארויס דאָס פֿאָלק אנטקעגנ זייער הערשער צו באגריסנ,
אונ זײַנ פֿרוי — די זונ דערזעט ער, אונ זײַנ בענקשאַפֿט גלײַכ פֿארשווינדט.
אפֿנ טראָנ מיט איר באזעצט זיכ, ביידע רומ אונ ליב געניסנ,
אונ דער איבערשטער פֿונ הימל בענטשט די קרוינ אונ גליק פֿארגינט.

ליבע ברידער — דרײַ גיבורימ — לענדער דרײַ — געטרײַ געבונדנ,
איינער צו דעמ צווייטנ ברענגענ הילפֿ אינ פֿרידנ אונ אינ שלאַכט.
דעמ, וואָס שטעלט זיכ זיי אנטקעגנ, שטראָפֿט די שווערד מיט שווערע וווּנדנ,
זייער הערשאַפֿט זיכ פֿארברייטערט, ס'ווערט פֿארפֿעסטיקט זייער מאַכט.

זייער גוטסקייט האָט געשפּרייט זיכ, ווי א שניי, אפֿ אלצ געפֿלויגנ,
די אלמאָנעס אונ יעסוימימ ניט פֿארזעענ האָט זייער בליק.
רויב פֿארניכטעט, אונ די שעפּסלעכ וואָגנ מוטערס ניט צו זויגנ,
אונ עס פֿאשענ זיכ אינאיינעמ, לעבנ פֿרידלעכ וואָלפֿ אונ ציג.



## olle

איך פארענדיק די געשיכטעס, ווי א כאָלעם, יאָרנ אײַלנ,
פונ דער וועלט געגאנ די הערשער. ווייסט די נישטיקײַט פונ זײַנ!
אויך דאָס לענגסטע ערדיש לעבנ איז פאר אייביקײַט א ווײַלע.
פונ רוסטאוו א מעסכ א פראָסטער דאָס געזאנג איך ברענג צו שײַנ.

זינג איך לידער פונ דאווידנ, דעם; וואָס איז צו זונ געגליכנ.
ער, דער גאָט בא די גרוזינער, ער, דער הערשער אונ דער האר.
פונ פרימאָרגנ אונ ביז אָוונט טראָגט ער אום זיכ, ווי א וויכער,
די גוטהארציקע ער פעסטיקט, ברעכט פאראט אונ שטילט געפאר.

ווי זאָל איך, דאַוויד, דײַן גרויסקײַט אין געזאַנגען הויך דערהייבן?!
כ'האָב געפֿונען די געשיכטעס וועגן פֿרעמדע הערשערס גאַנג,
וועגן מעכטיקײַט פֿון האַרצן, וואָס איז ווירדיק זיי צו לויבן,
און מײַן פֿליכט געטאָן מיט ליבע, זיי געשלאָסן אין געזאַנג.

שווער איז אָפּ דער ערד צו טרעטן, ווען עס האַלט זיך אַלץ אין בײַטן,
און ווי שווינדיק איז דאָס לעבן, ווי אַ קורצער אויגנבליק.
וואָס־זשע האָבן מיר אונדז יאָגן — ס'איז דעם גורל ניט צו מײַדן,
נאָר אין מילדקײַט איז פֿאַראַנען אי אַט דאָ, אי אויבן גליק.

אַמיראַנען זינגט כאַנעלי, און דער פּרעכטיקער שאָוטעלי
האָט געלויבט אַבדול־מעסיען, אים באַזונגען וווּנדערשיין,
און דערהויבן דילאַרגעטן אומדערמידלעך האָט טמאָגוועלי,
רוסטאַוועלי — טאַריעלן, איך באַזינג אים און באַוויין.



# אינהאלט



## דער גיבער אין דער טיגער־פעל

רעדאקטער — ב. סטעפאנסקי.
קינסטלערישע אויספארמירונג — ג. פריצקער.
טעכנישער רעדאקטאָר — ז. האָרטמאנ.
קאָרעקטאָר — מ. דובינסקי.

---

פאפיר 72×110 — $1/_{16}$ — 50 קג. אינ איינ פאפיר-בויגנ 100 000 צייכנס. פארלאג-נומ. 232-6. טיראזש 1500 עקז. 6 דרוק-בויגנ. 9-טע פאָלי-גראפ. פאבריק גופ אונ קפ. קיעוו, רויטער פלאצ, 2а. באשט. נומ. 1373. באפולמ. פונ גלאוולית 7189 או. אָפגעגעבנ אינ זאצ 10/XII—1937, אונטער-געשריבנ צומ דרוק 13/XII—1937.